# בוימער.

אין אַ ברייטע אַלעע שטעהען ווי-זאַ-ווי צוויי בוימער. עס קומט דער פריהלינג מיט גאָטס זעגען, מיט פריש לעבען, מיט בלומען, טהוי און געזאַנג... עס קומט דער פריהלינג און די טרויעריג-געבויגענע בוימער גלייכען זיך אויס. עס ווערט אַלעס וואַרעמער און וואַרעמער; די שרעקענדיגע ווינטלעך בלאָזען לייכטער, לוסטיגער און פרעהליכער; די זון ווערט מילד און פערשווענדעריש; גאַנצע בינטען ליכט פליהען אין די לופטען, די צווייגען ווערען גרין און גרינער, זיי צוואַקסען זיך אין אַלע זייטען און ווערען מיט בליטהען און בלעטער בעדעקט.

און די רייכע גליקליכע בוימער בויגען זיך צו איינס צום צווייטען; עס מישען זיך אויס די צווייגען. עס האַלזען זיך די בלעטער, עס קושען זיך די בליטהען! פוןביידע דערוווייטער-טע שטאַמען טרייבט זיך אַרויף די שפע ביז דער קרוין פון לעבען און ליעבע, וואָס האָט זיי אַצונד צוזאַמען-געפּאָרט!

גליקליכע בוימער! גליקליכע ליעבע! דער בלאָהער הימעל איז איבער זיי די חופה, די געפליגעלטע קאַפּעלע שלעפערט זיי איין מיט זיסע טרעלען, זיי חלומט זיך עביג גליק און פערגעסען זיך איינס אינ׳ם צווייטענס אָרעם...

---

עס בלאָזט אַ קאַלטער ווינד... עס פאַלען אַראָב די בליט-הען, און די נאַקעטע בלעטער טוליען זיך דערשראָקען איינס

צום צווייטען... עס בלאָזט נאָך קעלטער... די פויגעל געזעגע-
נען זיך טרויעריג און פליהען אוועק... זיי קענען אָהן וואַרעמקייט
און ליכט נישט זינגען, נישט לעבען... עס בלייבען נאָר קראַנ-
קע, וואָס דער שניי וועט בעגראָבען...

דער הימעל בעדעקט זיך מיט אַ גראָהען וואָלקען, עס
הויבען אָן פאַלען די בלעטער; גאָלע, טרויעריגע צווייגען
חאַפּען זיך אויף פון זיסען שלאָף, עס פערשווינדען די זיסע
חלומות... זיי ציהען זיך איין, זיי ווערען קירצער און
קירצער...

עס פאַלט דער ערשטער קאַלטער שניי, — די בוימער האָבען
זיך צוריקגעצויגען איינער פון צווייטען, זיי שטעהען שוין צוריק
אָבגערוקט ווייט מיט די שטאַמען צוגלייך... זיי האָבען שוין
איינס דאָס אַנדערע פערגעסען... אָט, שטעהען זיי שוין פרעמד.
קאַלט, קוקען אויף זיך מיט בייזע אויגען... און אונטען
געהט אַ מערדערישע מלחמה צווישען די וואָרצלען איבער אַ טראָ-
פען זאַפט...

צי וועט נאָך צוריק זומער ווערען?

— איך וועל איהם שוין נישט דערלעבען! צאַפּעלט און
גוססט איין איבערגעלאָזטע שוואַלב אין שניי.

— קראַ—קראַ—קראַ! רופט לוסטיג די שוואַרצע גנב'טע,
די קראָה, עס וועט שוין קיינמאָל קיין זומער נישט זיין —
און לאָזט זיך אַראָב מיט'ן שאַרפען שנאָבעל צו דער פערפרוי-
רענער ערד.

— פּהוי! אוים זומער! בלאָזט דער קאַלטער ווינד..

# וועלכע?

## I.

דאָס שענסטע פון אַלע שטיינבילדער אין גאָרטען איז ווענוס — די גריכישע געטין פון שעהנהייט. פון ווייסען מאַרמאָר, אויף אַ גרינליך-בלאַנקען פיערעסטאַל, שטעהט די שעהנע געטין און קוקט מיט איהרע פריי-אָפענע אויגען אויף אַ טעראַסע מיט פרישע רויזען און ליליען.

אין דער אַלעע בעווייזט זיך אַ ניינצעהן-יעהריג מעדכען. איהר געזיכט שטראַהלט מיט פרייד, די אויגען שפּריצען מיט פרישען געזונדען לעבען. זי געהט צו צו ווענוס.

מיטהווילינ שפרינגט זי אַרויף אויפ'ן פיערעסטאַל — זי איז איין גרויס מיט דער געטין.

דאָס פרעהט זי. זי נעהמט אַרום מיט דער אַלבאַסטער-האַנד דעם מאַרמאָרנעם געטליכען האַלז, לעגט צו איהרע פרישע, קרעלענע ליפען צו די געטליכע.

אַזוי שטעהט זי אַ ווייל. און ווער עס געהט דורך פרעגט זיך!

— וועלכע איז שענער? צי די פון שטיין, צי די פון פלייש?

## II.

אונטער א דיקע בלאנקע שויב, אין אויסשטעלונג פון א מאָדע־מאגאזין, שטעהט א שעהנהייט, בעהאָנגען מיט מאָדע זאכען, נאָר אויסגעקלעבט פון וואקס.

די ליפען זענען אוננאטירליך רויט, ווי ערשט פריש און צו פיעל געפארבט; דאָס געזיכט איז געלבליך־מאט. די ברייט־געעפענטע אויגען — שטאר, אָהן א בליק; אַם שרעקליכסטען זענען דאָך די ברעמען; א רייהע פון שטייפע האָר, וואָס שטעהען איינס ווייט פון צווייטען...

אינעווענינ, אין האלב־פערדינקעלטען לאדען קויפען דאמען גלעראליי בענדער.

— פרייליין — מאכט די דיקע מאדאם צום לאדען־מעדכען, נעמען זי נאָך אַרוּיס די קאַרמין־בענדער פון דער אויסשטעלונג.

דאָס מעדכען פאָלגט.

איהר גאנג איז מיעד און וואקעלדיג; מיט אנשטרענגונג עפענט זי ברייט די רויטליכע אויגען, אום נישט איינצושלאָפען אין גאנג. דאָס געזיכט איז שעהן, נאָר מאט, געלב און אָב־געלעבט; די ליפען רויט, נאָר, קענטליך, פריש געפארבט.

זי עפענט דאָס פענסטער, בויגט זיך איבער דאָס וואקסענע בילד און זוכט די בענדער. זוכענדיג, פערטראַכט זי זיך, און פער־זינקט זיך אין דער לופט אַריין, אויף גאָר נישט...

אזוי שטעהט זי א ווייל. און ווער עס געהט דורך אין גאס פרעגט זיך:

— וועלכע איז שרעקליכער? די פון וואקס, צי די פון פלייש?

# פּאַדלִיעץ.

## I.

אַ רייכער מאַן פאָהרט דורך און בעמערקט אַ בעטלער וואָס שטעהט אָנגעשפּאַרט אָן דער וואַנד. עס איז קאַלט און פייכט. גאָט ווייס, ווי לאַנג דער בעטלער שטעהט שוין און וואַרט אויף אַ נדבה.

דער רייכער מאַן קריגט רחמנות, האַפּט אַרויס און וואַרפט דעם בעטלער אַ זילבערן צעהן־קאָפּעקען שטיק.

דער בעטלער קוקט אויפ'ן אָרט, וואו די מאָנעטע איז גע־פאַלען און ריהרט זיך נישט פון אָרט. דער רייכער מאַן בע־מערקט עס, — עס איז איהם ווענינ — טראַכט ער.

— פּאָדליעץ!...

## II.

די דראָשקע איז פערביי. דער בעטלער זעצט זיך קראַכ־צענדיג אויפ'ן טראָטואַר.

עס איז פייכט און קאַלט, און עס ברעכען איהם די ביינער; די פיס זענען ווי פערשטאַרט... גאָטס ווייס, ווי אַזוי ער וועט

היינט אַ היים קומען; זיי פֿאָלגען נישט, די הילצערנע פיס. זיט־ צענדיג, קען ער אויך צו דער מאָנטע נישט דערלאַנגען, ער ציהט זיך אין גאַנצען אויס און שטרעקט אויס די האַנד... קוים קוים! ער האָט זי!

ער נעמט זי צו די אויגען צו, זי איז פֿאַלש! און ער שרייט אויף אויס:

— פֿאָדליעץ

# שׁוויין.

אויף אַ גאָלד געשטיקטער סאָפע ליעגט אַ בלאַסע דאַמע אין אַ העל זיידען קלייד.

דורך די שווערע גאַרדינען פאַלט אַ מאַטער שיין אויף איהרע קליינע שמאָלע ליפּען, וואָס קרימען זיך אויף אַ שווערען זיפץ. אין די טיפע בלאָהע אויגען בעוויזען זיך טרעהרען...

עס איז איהר נישט גוט... נישט דאָס האָט זי געמיינט!

ליעבע האָט זי געוואָלט, ידרעאַלען האָט זי געזוכט... און ער גיט איהר בריליאַנטען און פּאַלאַצען...

רעדט ער מיט איהר, פון געלד־זאַכען... פון פּאָדריאַדען...

קיינער פערשטעהט זי נישט; נישט ער — דער מאַן, נישט זיינע, נישט איהרע געסט...

און דאָס האַרץ איהר'ס בענקט! עס קלעמט, עס פיהלט זיך פרעמד אין דער וועלט פון געלד, פון זילבער, גאָלד און בריליאַנטען... עס רייסט זיך צו אידעאַלען, צו... צו... צו...

עס איז איהרווירקליך נישט גוט, חאָטש עס פעהלט איהר דער אויסדרוק.

זי שטרעקט אויס די ווייסע בלאַנקע האַנד, און ריהרט דאָס גלעקעל אויפ'ן טיש צוקאָפּענס.

עס בעווייזט זיך דאָס שטובען־מעדכען.

— אַ טאַסע קאַפּע! בעפעהלט די דאַמע.

דאָס מעדכען פערשווינדט און קומט צוריק מיט אַ חינעזיש פּאָרצעלאַנענער טאַסע אויף אַ שווערע זילבערנע טאַץ. דער פיינער

גערוך פון פיינעם קאפע מישט זיך אוים מיט'ן לייכטען היאצינטען גערוך אין צימער.

געהענדיג צו דער טאפע, פערטשיפעט זיך דאס שטובען-מעדכען אן א פערבויגענעם עק פון טירקישען דיוואן און — פאלט.

עס הערט זיך א טייבער קלאנג פון דער געפאלענער טאץ און פלאצענדער טאסע.

— שוויין! שפרינגט אויף און שרייט די דאמע,

# עס איז דאָך נישט קיין זאָקען.

אין זאָקען־פאַבריק.

עס קומט אַריין אַ מעדכען מיט אַ טוץ אויסגעאַרבייטע וואָלענע זאָקען. זי גייט צו צום אַלטען הערר.

ער וואַרפט אַ בליק אויף דער סחורה, ווייזט איהר מיט'ן פינגער צום יונגען הערר.

זי גייט לויט מען ווייזט איהר.

דער יונגער הערר נעמט די זאָקען אין האַנד אַריין — גענוג ווייך. דערנאָך לעגט ער זי אויף דער וואָג, — זיי האַלטען אויס. דערנאָך נעמט ער אַ מאָס און מעסט די לענג, די ראַנד, דעם פוסבאַלען — — גוט.

דאָס מעדכען אָטהעמט אָב; שטרעקט אויס די האַנד נאָך געלד.

— אַ ווײַלע! מאַכט דער „יונגער הערר". ער נעמט פון טיש אַ פערגרעסער־גלאָז ווישט עס אויס און בעטראַכט די אַרבייט.

נאָך אַ לאַנג בעטראַכטען, זאָגט ער גלייכגילטיג, נאָר פעסט:

— עטליכע פעדים איבערגעהאַקט — דריי אויגען נאָכגעלאָזט... דריי פּראָצענט אַראָב!

— אָבער... וויל זי זיך פערטהיידיגען.

— קיין אָבער! האַקט איבער דער יונגער הערר, נישט איהר אַ קוויט צו דער קאַסע. —

די טהיר עפענט זיך ווייטער, און עס בעווייזט זיך אַ ראַבענדיג געלב־יודעל.

— גוט מאָרגען!

— גוט יאָהר, ענטפערט דער אַלטער הערר, ביטע! דאָס געלע יודעל געהט צו צום אַלטען, זעצט זיך ביי'ם טיש.

— דאָס איז מיין זאָהן! ווייזט ער אויפ'ן יונגען מיט שטאָלץ.

— אַ סוחר! — גיט ער צו — און נאָך ווי הייסט אַ סוחר!

— נו, איז גוט! ענטפערט דאָס געלע יודעל, — אַ סוחר דאַרף געלד!

— געלד! ציהט דער אַלטער מיט די אַקסעל.

— 15-טויזענד אין באַר!

— נאָר איין פוס אַ ביסעל קורצער — מישט זיך דער יונגער הערר אַריין מיט איין אונמוטיגען שמייכעל.

— מען זעהט קיים אָן! מאַכט דער שדכן.

— אָבער קירצער איז ער!

— נו, — מאַכט דער אַלטער, — אַ כלה איז דאָך נישט קיין יאַק! מען קוקט נישט אויף קיין פערגרעסער-גלאָז!

# װעגען קינדער.

(אין צװײ דראמאטישע בילדער).

---

## פּערזאָנען.

שרה — אַ קראַנקע אין בעט.

מאיר — איהר זוהן, א יונגער שנײדער געזעל.

מרים — זײער קרובה.

שנײדער געזעלען.

אַ שכנה — אַ פרומע, אָרעם געקלײדעטע פרױ פון אַ יאָהר 40.

בית־דין שמש.

צװישען ערשטען און צװײטען בילד געהט פאַרבײ אַ יאָהר צעהן

---

י. ל. פרץ

# ערשטעס בילד.

**איין אָרעם צימער.**

רעכטס א טהיר אין קאָרידאָר אריין. לינקס – א פענסטער אין גאס אריין. אין דער מיטעל=וואנד א פערמאכטע טהיר, פערהאָנגען מיט שניידער=ארבייט.

לינקס פון דער פערמאכטער טהיר: א געלעגער: א שעניק, א שטרויען קישען, א קאָלדערע. אלץ אלט, געצערעט נאָר ווייס איבערגעצויגען. אין מיט שטוב – דער קראנקער'ס בעט. פארן בעט, רעכטס און ארויס=גערוקט – איין אלטער, מיט שווארצע לעדער בעדעקטער פאטער-שטוהל, מיט א שאל איבער דער אָנלעהן, און – א ווייס קישען אויפ'ן געזעס. פארן בעט – א טישעל. דערויף – מעדיצין=פלעשלעך, א פאָר טעלער און דערגלייבען. געהנטער און אין מיט שטוב – איין ארבייטס=טיש, אויף איהם רעכטס – א שניידערישע פוס=נעה-מאשין, לינקס א האנד=נעה-מאשין צו וועש.

איבער דער צייט פון שפיעלען – הערט זיך אָפט א גערויש דורכן פענסטער פון גאס און דאָס קרעכצען פון דער קראנקער אין שלאָף.

---

(דער פאָרהאנג געהט אויף.

(דאָס שפאנישע ווענטעל איז אָבגערוקט פון בעט;

**שרה:** (קרעכצט, איינשלאָפענדיג.

**מרים:** (פאָרעט זיך ביים בעט; גלעט די קראנקע און שלעפט די אויגען.

**מאיר:** (ארבייט ביי דער פוס-מאשין. קוקט מיט ברענענדיגע אויגען אויף מרים'ן און איהרע בעוועגונגען ביים בעט.

**מרים:** (געהט אָב עטליכע טריט הינטערווייזעכטס, רוקט צו דאָס שפאנישע ווענטעל.

**מאיר:** (חאפט צוריק די אויגען צו דער ארבייט.

**מרים:** געלויבט איז גאָט — איינגעשלאָפען.

**מאיר:** (איראָניש) געלויבט זיין ליעבער נאָמען. (קורצע פויזע) אויף לאנג?

**מרים:** דאָס גערויש פון גאס זאָל זי נאָר נישט וועקען...

מ א י ר : (ביטער). זוך אַ בעסערע דירה!

מ ר י ם : (קוקט אויף מאיר'ן מיט רחמנות, ועצט זיך צו דער אַרבייט, צו וועלבער זי בויגט אַראָב דעם קאָפּ).

מ א י ר : (הויבט די אויגען אויף, קוקט אויף איהר מיט אַ געמישטען בליק פון ליעבשאַפט, ביטערקייט און צאָרן).

מ ר י ם : (דערפיהלענדיג זיין בליק. ווייך): האָסט עפּיס געוואָלט, מאיר?

מ א י ר : (געשווינד צוריק אַראָבלאָזענדיג די אויגען און האַסטיגער אַרבייטענדיג) איך? —— געוואָלט? — אין מיין גאַאָל וויל מען נישט — טאָר מען נישט וועלען.

מ ר י ם : עט! (נעהמט זיך צוריק צו דער אַרבייט).

מ א י ר : (ביטער און בייסיג) ז'האָט זיך בעליידיגט די פּריצה! רעד מיט איהר דורך אַ זיידען טיכעל! —— ך'האָב נישט קיין זיידען טיכעל (פּויזע).

ש ר ה : (ווי פון שלאָף). מרים'לעב!

מ ר י ם : (הערט זיך איין).

ש ר ה : (וואַכענדיגער). מרים'לעב!

מ ר י ם : ך'געה, מוהמע (געהט צו, רוקט אָב דאָס שפּאַנישע ווענטעל) וואָס ווילסט דו, מוהמע?

ש ר ה : אַ ביסעל וואַסער..

מ ר י ם (דערלאַנגט איהר צו'ם מויל).

ש ר ה : (וויל אויסבויגען דעם קאָפּ צו דער שטוב און קאָן נישט).

מ ר י ם : (וויל איהר העלפען).

ש ר ה : (אָבוועהרענד) ניין... ניין... ס'טהוט וועה... ס'טהוט אַזוי וועה... (פּויזע) ער איז דאָ?

מ ר י ם : ר'איז דאָ...

ש ר ה : זייט דו ביזט געקומען זיצט ער אין דער־היים!.. (העכער) זאָל דיר גאָט בעצאָהלען דערפאַר!

מ א י ר : ווייבער קאָנען אָהן גאָט נישט לעבען!

ש ר ה : געה צו איהם, געה... (זאָגט איהר עפּיס זעהר שטיל).

מ ר י ם : (שווייגט אומרוהיג פּעושעמט)

שרה: האָסט עס געוואוסט...

מרים: איך האָב עס פֿערשטאַנען...

שרה: נו, גערה... גערה — צו דער מאַשין... איך וועל אפשר נאָך איינשלאָפֿען!

מרים: (טרעט אָב פֿון בעט, פֿעררוקט צוריק דאָס ווענטעל, זעצט זיך צוריק, פּויזע).

מאיר: נאָך וואָס ביסט דו צו אונז געקומען, פּריצה?

מרים: נישט צו דיר, די מוהמע האָט געשריבען... פֿלעגסט זי אַליין לאָזען... אויף פֿערזאַמלונגען געהן... די בריעף זענען דורכגענעצט געווען פֿון טרעהרען.

מאיר: און עס האָט דיך גערירט?

מרים: נישט קיין רחמנות?

מאיר: אַ טהייערער ביסען רחמנות — פֿאַר אַנ'אָרעמאַן, אַנ'עושר — עס ווערט איהם ווארעם ביי'ם האַרץ, כאַפּט ער אַרויס אַ קערבעל און קיהלט זיך אָב. אַנ'אָרעמאַן מוז זיך אוועקגעבען — איינגאַנצען!

מרים: מיין גוטער ווילען.

מאיר: און דאָ בלייבסט דו — לאַנג?

מרים: (פּעסט) איך בלייב!

מאיר: ביסט'ו אַ נאַר... אַ מיידעל איז יונג, שעהן...

מרים: (שמייכלענדיג דורך טרעהרען) שעהן אויך, מאיר?

מאיר: (גישט אבטענדיג) און אַ פֿרייער פֿויגעל — — — אייג'אַליין — — —

מרים: ביסט שוין אַמאָל געווען איינער אַליין?

מאיר: ניין...

מרים: זאָל דיך גאָט דערמיט נישט שטראָפֿען...

מאיר: ווען איך בין אַליין — —

מרים: וואָס וואָלסט'ו געטהון?

מאיר: אַוועק וואָלט איך... אַוועק?...

מרים: פֿון דער קראַנקער מאַמע'ן?

מאיר: „אַליין״ — האָב איך געזאָגט...

מרים: און פֿון מיר?

מ א י ר: — — דו וואָלסט ערשט די פליגעל צושפּרייט! אַ פרייער פויגעל... מיט דיין שעהנקייט... די וועלט וואָלט פאַר דיר אָפען געשטאַנען...

מ ר י ם: (שפּרינגט אויף פערציטערט) וואָס ווילסט דו פון מיר, מאיר? וואָס פער'סמ'סט דו מיר דאָס בלוט! (געהט האַסטיג איבער דער שטוב) ווי פיינד דו האָסט מיך!

מ א י ר: איך האָב אַלע פיינד! פאַר וואָס דיך נישט?

מ ר י ם: (שטעלט זיך פאַר'ן אָב) מיך האָסט דו בעזונדער פיינד!

מ א י ר: עקסטראַ?

מ ר י ם: און ווייסט דו פאַר וואָס, מאיר, דו האָסט מיך פיינד?

מ א י ר: פאַר וואָס זאָל איך דיך האָבען ליעב?

מ ר י ם: דוקא פערקעהרט! ווייל דו האָסט מיך ליעב! ווייל דו ליעבסט מיך, האָסט דו מיך! האָסט מיך פיינד, ווי אַ קראַנק קינד האָט פיינד זיין מעדיצין... פון וועלכער עס קאָן גענעזען ווערען!

מ א י ר: אין וועלכען ראָמאַן האָסט'ו עס געלעזען?

מ ר י ם: ניין, מאיר! איך זעה... פאַר מיר בעהאַלטסט דו דיינע אויגען, אָדער קוקסט מיט האַס; און לאָז איך נאָר דעם קאָפּ צו דער אַרבייט אַראָב — שוועבט שוין גאָר אַנ'אַנדערער בליק איבער מיין קאָפּ... געה איך נאָר אָב פון דיר און דרעה מיך אויס, ווערט דיין מאַשין שטילער. בלייבט זי שטעהן און דיין בליק ברענט מיר די אַקסעל — —

מ א י ר: משוגע!

מ ר י ם: דערווייל נאָך נישט... נאָר מען קאָן, מען קאָן משוגע ווערען — — (זעצט זיך צוריק צו'ם טיש, פערבאָרגט דעם קאָפּ אין די הענד, ציטערט פון אַ פערשטיקט געוויין).

מ א י ר: (ווייכער) מרים!

מ ר י ם: (נעהמט די הענד אַוועק) וואָס, מאיר?

מ א י ר: (געריהרט) דו וויינסט?

מרים: (בעטענדיג) מאיר, האָב רחמנות! — האָב רחמנות אויף זיך אַליין, מעהר ווי אויף מיר... (שטעלט זיך אויף, דרעהט זיך אויס, אויסצוווישען די טרעהרען).

מאיר: (שלאָגט זיך אַ ווײַלע מיט דער דעה, נעהמט ענדליך פון בוזעם־טאַש אַרויס אַ פאָטאָגראַפיע, דערלאַנגט איהר) איך טאָר נישט, מרים!

מרים: נעהמט די פאָטאָגראַפיע מיט ציטערדיגע הענד — בע־טראַכט — פאַלט צוריק אויפ'ן בענקעל — די פאָטאָגראַפיע פאַלט איהר פון הענד אַרויס אויפ'ן טיש, הייזעריג) אָה? דאָס איז נידערטרעכטיג... האָסט ליעב אַן אַנדערע און האָסט פערשוויגען — — —

מאיר: (שטרענג) עס איז קיין אַנדערע, מרים... מיין מאַמע איז עס... מיין מאַמע, מיידעל־ווייז — (פויזע)

מרים: (קומט לאַנגזאַם צו זיך — מיט טרעהרען פאַר פרייד) דיין מוטער... ווי שעהן... ווי געטליך שעהן —

מאיר: געוועזן! — מיין מאַמע איז אויך אַ שעהנער גע־וועזן... אויך אַ שניידער־געזעל, נאָר — אַנדערע צייטען, בטחון געהאַט... נאָט פערלאָזט נישט... ווער עס שפייזט אַ ווערעמעל... און אַ חופה געשטעלט... צוויי מתים...

מרים: און נישט גליקליך געלעבט — — —

מאיר: דלות לאָזט נישט לעבען — — פון זיעבען בין איך איינער געבליעבען — — פון די וויעגען אוועקגעטראָגען — איינס פון וואַסער אַרויסגעצויגען! (ווייזענדיג צו דער מוטערס בעט) און דאָס איז געבליבען פון דער געטליכער שעהנקייט... (פויזע) אַ לעבעדיגער מת!

מרים: (פערשטעלט זיך דאָס פנים און וויינט).

מאיר: (זעהר געריהרט) מען טאָר נישט, מרים! עס איז אַ זינד... מיין טאַטע פלעגט אויף דער עלטער צו רייכע אַרומגעהן נאָך הילף... „אויף קהל'ס חשבון קינדלעך און בע־גראָבען — האָבען זיי געזאָגט, — איז אַ זינד"!... (פויזע)

מרים: מאיר... גאָט קאָן העלפען... האָף צו גאָט!

מאיר (מאַכט אַוועק מיט דער האַנד).

מרים: און אפשר... אפשר...

מאיר: וואס אפשר? מרים!...

מרים: אפשר וועט גאט העלפען, עס וועט נישט זיין... קיין... קיין קינדער!

אונטערן וועגטעל פאלען צראָב טעלער און גלעזער פון טישעל.

(פערוואוגדערטע פויזע).

מאיר — אראבגעפאלען, צי זי האט געהערט און אראב־געווארפען! (געהט צו צו איהר מיט אויסגעשפרייטע הענד)

שכנה: (קומט אריין) (פארהאנג). מזל טוב!

---

# צווייטעס בילד.

(צעהן־צוועלף יאהר ארוח).

דאס זעלבע צימער, בעל בתישער איינגעריכטעט; רעכטס צווי בעטען — לינקס א קאנטארקע; אין מיט — א קליין גארניטור ביליג מעבעל. די טהיר אין צווייטען צימער אריין איז אפען, עס זעהען זיך שניידער־געזעלען ביי דער ארבייט, דאס גערויש פון טום־מאשינען.

---

מאיר: (זיצט ביי דער קאנטארקע איבער רעכען־ביכער; דענערוווירט, בעזע בעוועגונגען) —

מרים: (זיצט אויף א בעט, דאס געזיכט אין די הענד)

איינשטימיג געזאנג פון צווייטען צימער: —

מיר שווערען ביי דער ליכטיגער זון — ליכט מוז זיין פאר אלע!

מיר שווערען ביי'ם פרייען פעלד — — ברויט מוז זיין פאר אלע!

(דער רעפרען ווערט אויפגענומען פון עטליכע שטימען).

מאיר: (רופט אין דער צווייטער שטוב אריין) שטיל זאל זיין! נישט פאר זינגען צאהל איך מיין בלוט! (עס ווערט שטיל)

מרים: (זיפצט).

מ א י ר: און דו, קוועקע נישט! — נישט מעגליך אַ רעי־בענונג צו מאַכען!

(פון יענער זייט ווערט מיט איין אומפעט צו־געוואָרפען די טהיר צום שלאָס).

מ א י ר: קלאַפּען זאָל עס אייך אין די קעפּ!

מ ר י ם: אַח, גאָט, גאָט — וואָס פון אַ מענש ווערט!

מ א י ר: שווייג!

(פויזע. דאָס געזאַנג פון צווייטען צימער הערט זיך אָהן ווער־טער).

אַ ש נ יי ד ע ר־ג ע ז ע ל: (קומט אריין)

מ א י ר: וואָס אַזוי שפּעט?

ש נ יי ד ע ר־ג ע ז ע ל: אַ קינד איז מיר אַוועקגעפאַלען.

מ א י ר, ווער איך רעכענען ¼ טאָג! —

ש נ יי ד ע ר־ג ע ז ע ל: (איבערגעהענדיג צום צווייטען צימער). עקספּלואַטאַטאָר! (ווארפט הינטער זיך צו די טהיר).

מ ר י ם: (שטילער אַלס פריהער). וואָס פון אַ מענש קען ווערען.

מ א י ר: (פערטיעפט זיך אין רעכענען).

מ ר י ם: (נאָך אַ פויזע זעהר טרויעריג און לאַנגזאַם). אַרויסגע־זאָגט אין אַ ש ל ע כ ט ע ר שעה... אין אַ בעזער שעה... ג אָ ט ס א ו י ע ר הערט... אַליין זיך פערשאָלטען... אַ מענש טהוט זיך נאָר אַליין...

מ א י ר: וועסט שווייגען אַמאָל?

מ ר י ם: ווי אַזוי רעדסט דו צו מיר, מאיר? נישט אַזוי פלעגסט דו רעדען אַמאָל.

מ א י ר: האָסט מיך געקענט... נישט געדאַרפט צו־רעדען... (פויזע)

מ ר י ם: היינט איז דער חופּה־טאָג געוועזען...

מ א י ר: א יאָהרצייט!... אַזוי פיעל יאָהרען בעגראָ־בען...

מ ר י ם: בעגראָבען... נאָר בעגראָבען? קיין גליק איז

גאָר נישט געווען? האָסט מיר גאָר נישט קיין גוטס צו פאַר־דאַנקען... מאיר!

מאיר: (געריהרט). פאָלג מיך, מרים — רעד נישט דערפון... אזוי קען נישט זיין... עס קען אזוי נישט בלייבען... און וואָס? מיר זענען דאָך נישט צוגעשמידט מיט אייזערנע קייטען... לאָ'מיר זיך נישט שווער מאַכען דעם לעצטען טאָג... נעהם בעסער דעם שאַל, געה אַראָב, קויף עפּיס איין...

מרים: (וויל עפּיס זאָגען).

מאיר: רעד מיך נישט איבער... עס מוז אַמאָל קומען די צייט... און וואָס שפּעטער איז ערגער — פאַר דיר... דיין טובה מיין איך... געה, מרים, געה. לאָ'מיר נאָך היינט צוזאַמען מיטאָג עסען...

מרים: (רעזיגנירט). גוט... איך געה. (הויבט זיך אויף, נעהמט דעם שאַל, געהט, וואַקעלדיג, איבערן צימער צו דער טהיר).

מאיר: (מאַכט זיך גלייך ער איז צוריק פערטיעפט אין חשבונות).

מרים: (אין טהיר). צו ווידערזעהן!

מאיר: (ענטפערט נישט, גלייך ער הערט נישט)

מרים: (וואַרפט אויף איהם אַ געבעט־בליק).

מאיר: (דערפיהלט דעם בליק און לאָזט נידעריגער דעם קאָפּ איבערן בוך אַראָב).

מרים: (וויל זיך צווייגען. געהט געשווינד אַרויס).

מאיר: (עטעמט אָב). אַה! (שטעהט אויף, געהט האַסטיג איבער דער שטוב). אוים אייזען מוז מען זיין — — — און וואָס? ד'זועל זי דאָך פערזאָרגען — — — עס מוז זיין אַ סוף —

אַ שניידער־געזעל: (קומט פון צווייטען צימער). בעל־הבית, איך מוז היינט אַהיים געהן פריהער —

מאיר: (האַסטיג). געה!

שניידער־געזעל: (קוקט פערוואונדערט. נאָך אַ ווײַלע) ניט מיר אַ רובל אַוואַנס!...

מאיר: (העפטיגער). מאָרגען, מאָרגען — געה... געה!

שניידער־גזעל: (ציהט די אקסעל, געהט ארויס.)
(דורך דער אפענער טהיר הערט זיך א שטיל־געצוויגען געזאנג:)
עס יאָגען ס'ציהען שווערע וואָלקען,
עס בלאָזט און פייפט דער ווינד!
פון סיבירען שיקט דיין טאטע —
מאיר: (מיט קנאה). מענשען זינגען. (געהט צו, פערמאכט לאנגזאם די טהיר).
(עס הערט זיך די מעלאָדיע אָהן ווערטער.
(מאיר געהט אויף און אָב–געריהרט).
שכנה: (קומט אריין). גוט מאָרגען!.. (בלייבט שטעהן אין טהיר).
מאיר: (וויער). גוט יאָהר... איהר זוכט מיין ווייב? ארויסגעגאַנגען...
שכנה: ד'ווייס... איך האָב זי אראָבגעפיהרט פון די טרעפ, זי איז אזוי שוואך... (פויזע) אונטען האָט זי זיך צו־וויינט. (פויזע)
מאיר: (פערציהט א הארט פנים). נו, איז וואָס?
שכנה: וואַרט אַ רגע. (לויפט איבער דער שטוב, עפענט דאָס צימער צו די שניידער=געזעלען).
מאיר: (צולאכט זיך). האַ־האַ־האַ! מורא געהאַט פאַר יחוד.
שכנה: (צוריק געהענדיג). איך ווייס, איהר וועט אויף מיר קיין בעל'ן נישט זיין... נאַר, אַז די הייליגע תורה זאָגט: ניין! איז — ניין!
מאיר: הכלל —
שכנה: הכלל עס איז אַ רחמנות!
מאיר: אַ ביליגע זאַך — רחמנות! — און אויף מיר איז קיין רחמנות נישט? (ארויספלאַצענד) און פאַר וועמען האַרעוועט מען? פאַר וועמען רייסט מען איין די וועלט? שינדט מען —
אַ געזעל: (פון צווייטען צימער). בייס ארבייטער די תויט!
מאיר: (וויזט אַ פויסט צו דער צווייטער שטוב).

שכנה: אוי ר' מאיר, ר' מאיר — איהר רעדט אַלץ פון עולם הזה, וואָלט איהר חאָטש גערעדט וועגען אַ קדיש — — איבער הונדערט און צוואַנציג יאָהר פאַר דער נשמה וועגען!...

מאיר: זאָל זיין דאָס —

שכנה: אויף איהר איז אָבער מעהר רחמנות — אַזאַ גוטע נשמה — —

מאיר: (פערענדערט דאָס קול, אייגשמייכעלדיג) זעצט אייך, שכנה (זעצען זיך צום טיש) — אַדרבה — איהר האָט רחמנות, איך האָב אויך רחמנות — „אַ גוטע נשמה", זאָגט איהר, איך זאָג גאָר: אַ כשר'ע נשמה... אָבער עס מוז דאָך אַ סוף זיין — —

שכנה: אוודאי איז שלעכט...

מאיר: אַ קונץ צו זאָגען „שלעכט"!... אַז מען אי' אָבער אַ שכנה, און מען האָט רחמנות, מאַכט מען ע'ליום...

שכנה: (פערוואונדערט). איהר קריגט אייך דען?

מאיר: ד'מיין — —

שכנה: ניין, ר' מאיר... שלום מאַכען טאָר איך ניט... קעגען דער תורה הקדושה... אַ שפּאָס די ערשטע מצוה!

מאיר: (אונגעדולדיג). נישט דאָס מיין איך... שלום צום גט!...

שכנה: חס ושלום, חס ושלום! אַ פינגער אין שפּאַלט פון טהיר לעג איך נישט...

מאיר: (בעז, שטעהט אויף). נו, געהט מיר געזונדטער הייד.

שכנה: (שטעהט אויף, געהט. דרעהט זיך אום שוין אין טהיר). פון דעסטוועגען פאָלגט מיך, ר' מאיר — פרעגט אַ שאלה... אפשר וועט מען מתיר זיין — וואָס תלמידי חכמים קענען...

אַ שטימע פון הויז — געהסט איז שטוב אַריין? ס'קינד רייסט זיך! —

שכנה: איך געה, איך געה. (אָב)

מאיר: (גערעטט זיך מיט געוואלד צום חשבון, רעכענט הויך) 7 און 5 איז 12 און 9 איז 32 (שטילער. דערנאָך) 67 און 68 — (בעז) אַ שוואַרץ יאָהר — עס דרעהט אין קאָפּ... סאַמע טעותים — בדיל הדל וועל איך ווערען — איין עק מוז עס האָבען!

מרים: (קומט צוריק, נישט איינגעקויפט, וואַקעלט זיך צו צום בעט וויל זיך לעגען). ד'האָב נישט איינגעקויפט.

מאיר: (שטרענג). ד'האָב דיר שוין נישט איינמאָל געזאָגט, ביי טאָג לעגט מען זיך נישט... ס'קען אַ סוחר קומען —

מרים: פאַר וואָס מאַטערסט דו מיך נאָך, מאיר?

מאיר: ווער מאַטערט דיך? ווייסט, מענשען קענען קומען. עס מוז אויסזעהן לייטיש... אַ'נישט גיט מען קיין קרעדיט! געשעפט איז געשעפט! — — און דו ווייכט, ווען נישט דאָס, וואָס דו ווייסט, וואָלט איך אַ ניי שפּאַניש ווענטעל געקויפט... דער מאַמעס, עליה השלום, איז צוריסען, אַ חרפּה. — —

מרים: (וויינענדיג). וועסט קויפען, וועסט קויפען! פאַר איין אַנדערע...

מאיר: (שטעהט אויף) אַ מענש דאַרף זיין אַ מענש! און וואָס? וואָס פאַר איין אונגליק? (געהט נעהנטער צו) ד'לעבען, גאָר נישט! וואָס איז? חס ושלום, אַזוי אַלט ביזט דו? (נעמט אַ בענקעל, זעצט זיך רייטענדיג, פאָהרט צו אויפ'ן בענקעל נעהנטער צום בעט) גלויב, מיר, מרים, די וועלט איז אַ וועלט... די זון איז דיר נישט אונטערגעגאַנגען, חס ושלום! אַ שעהן ווייבעל, ברוך השם, ביסט דו דאָך — זאָלסט דיך נאָר נישט אַזוי אָב־לאָזען!... אויגען האָסט דו... נאָך וואָס פאַר אויגען!... זאָלסט זיי נאָר נישט אַזוי אויסוויינען — אַ שאָד אַזוינע אויגען — —

מרים: (וויינט שטיל). וואָס דו רעדסט, מאיר!

מאיר: און אַ פּאָר הונדערטער וועסט'ו בעקומען...

פאַר קליין און גרויס.

מ ר י ם: (שפּרינגט אויף). שלאַנג!

ב י ת־ד י ן־ש מ ש: (קומט אַריין). גוט מאָרגען — דער רבֿ שיקט רופֿען —

מ א י ר: (אַרויסשרײַענדיק). אַזוי פֿריה?

(פֿאָרהאַנג).

# דאָס קראַנקע יונגעל.

(מאָנאָלאָג).

מאַמישי, איך וויל דיר אויסזאָגען אַ סוד; דער עיקר — דער טאַטע זאָל נישט וויסען!

פרעגסט פאַר וואָס? ווייל דער טאַטע האָט מיך ווייניגער ליעב...

ניין, מאַמישי, איך זינדיג מיט די רייד; ווייניגער ליעב האָט ער מיך נישט; ער האָט מיך נאָר אַנדערש ליעב!

ער איז דאָך אַ טאַטע, איז ער שטרענגער..

דער טאַטע האָט אַ לאַנגע באָרד; אַ טאַטענס פנים איז נישט אַזוי צום גלעטען, ווי דער מאַמעס אַטלאַסען פנים... און אויגען האָט ער גאָר אַנדערע. גאָר איין אַנדערן בליק; דו, אַז דו קוקסט אויף מיר, האָסט דו עפּיס אַזעלכע לאַבענדיגע, דערביי פייכטע — — האָסט דו עפּיס אַזעלכע גוטע, און דערביי האַרציג-רחמנות'דיגע אויגען... דו ביזט אַ מאַמע מיט אַ חבר צוזאַמען.. פאַר דיר קען איך קיין סוד נישט האָבען... מיט די אויגען שעפּסט דו מיר איהם פון האַרץ אַרויס...

דער טאַטע קוקט גאָר אַנדערש, שטענדיג ערנסט, מכלומר'ש קאַלט...

ניין, מאַמישי, עס זענען גאָר אַנדערע, אַנדערע אויגען!

קינדווייז, מאַמישי, פלעג איך ווייניגער פאָרכט האָבען פאַר'ן טאַטען. איך געדענק, ווי איך פלעג איהם אַרויפשפּרינגען

אויף די קניען, צושויבערן דעם גאַנצען קאָפּ, ציבערשט ן און פערפלעכטען די באָרד, איבערבויגען די ליפּען, און אז ער האָט געוואָלט אָבשטעלען אַ בעזוערינגען בליק, האָב איך איהם גאָר אַראָבגעדריקט די ברעמען און די אויגען פערמאַכט... היינט קען איך נישט...

איינמאָל, הערסט, מאַמישי, קראַנקערהייט, האָב איך מיך אַמאָל אויפגעכאַפּט, און איהרביידע זענט געשטאַנען ביי מיר ביים בעט... דו האָסט אַזוי שטיל, אַזוי האַרציג־שטיל גע־וויינט... און דער טאַטע... מאַמישי! דעם טאַטענס פּנים איז אַזוי שרעקליך געוועזען... איך האָב געזעהן אַז ער איז בעז דעמאָלט אויף גאָט! פאַר שרעק האָב איך צוריק די אויגען פערמאַכט — — —

פון דעמאָלט אָן קען איך נישט צוטרעטען צום טאַטען ווי אַמאָל... עפּיס האַלט מיך איין; אָפט וויל מיר דאָס האַרץ איהם אַקעגען שפּרינגען, אַקעגען לויפען, נאָר איך קען נישט!

מיינסט, איך האָב דעם טאַטען ווייניגער ליעב... זאָל גאָט היטען... איך האָב דעם טאַטען זעהר ליעב. איך קריעג איהם מיט יעדען טאָג, מיט יעדער מינוט ליעבער... אַז ער געהט צו מיר צו, קלאַפּט מיר דאָס האַרץ פאַר פרייד; ציטערט אין מיר די נשמה פאַר האָפנינג: אָט וועט ער מיך אָננעמען ביי דער האַנד, אָט וועט ער מיך צודריקען צום האַרץ...

ביי דיר ציטער איך נישט... דו האָסט מיך שטענדיג און גלייך ליעב... האָסט שטענדיג צו מיר צייט, דו האַלזט מיך און קושט מיך יעדע מינוט... דו ביסט שטענדיג, שטענדיג מיין... דער טאַטע האָט אַזוי פיעל געשעפטען...

איך ווייס, ער וויל איך זאָל זיין רייך!

---

ווילסט שוין, מאַמישי, וויסען דעם סוד?

איך שעם מיך!

פאַר אַ מאַמען, — זאָגסט דו — דאַרף מען זיך נישט שעמען? אמת... דאָך... ווייסט דו וואָס, מאַמישי? אָט,

זעץ דיך דאָ אויף דעם שטוהל, געגענאיבער דעם פענסטער..
גוט אַזוי!

אַח, ווי שעהן די זון געהט אונטער, ווי שעהן לעגען זיך איהרע לעצטע רויטליך-נעפעלדיגע שטראַהלען אויף דיין עדעל, בלאַס פּנים...

אַח, מאַמישי, ווי שעהן, ווי עדעל שעהן, דו ביזט!

וואַרט... אַצונד וועל איך מיך זעצען דיר צופוסענס...
דו זאָלסט מיר ביים דערצעהלען אין פּנים אַריין נישט קוקען...
אויפ'ן פוסען-בענקעלע וועל איך זיצען און אַרויסקוקען פון פענסטער...

ניין... נישט גוט אַזוי! איך וועל מיך שעמען פאַר דער זון... זעהסט, אין מיטן טאָג ברענט זי, פאַר נאַכט געזעגענט זי זיך מיט אונז אַזוי טרויעריג, אַז איך שעם מיך פאַר איהר צו רעדען פון זיך...

איך וועל אָנשפּאַרען מיין קאָפּ אויף דיין שויס... איך וועל די אייגען פערמאַכען, און דו — דו לעג נאָך אַרויף דיין האַנד מיר אויפ'ן שטערן...

איז דיר נישט שווער, מאַמישי, מיך צו האַלטען אויף דיין שויס? ניין?

זעכצעהן יאָהר איז אַלט דיין קינד און האָט אַזאַ קליין, אַזאַ לייכט קעפּעלע... און איך אין גאַנצען — — — —

קרעכץ נישט, מאַמישי! גאָט האָט מיך נישט פערטהיילט..
ער האָט מיר וועניג פלייש, דערפאַר פיעל אַנדער גוטס געגעבען... דיך, דעם טאַטען... טעג און נעכט מיט וואונדערליכע חלומות... און היינט — אַ סוד...

אַצונד זעה איך נישט... מיט געשלאָסענע אייגען וועל איך אפשר קענען דערצעהלען... איך וועל פּרובען...
עס איז אַזוי שווער...

דאַכט זיך — גאָר נישט, אַ נעץ פון עטליכע וואונדערליכע שטראַהלען — און דאָך ליעגט עס מיר אויפ'ן האַרץ ווי אַ שטיין... נישט ווי אַ קיזעל-שטיין... עס איז נישט קיין שטיין פון גאַס, צי פון פעלד...

עס איז אַ ט ה י י ע ר ע ר שטיין... עס שטראַהלט... עס לייכט...

עס ליעגט ביי מיר טיעף אין האַרץ און זייעט אַרום און אַרום אין אַלע גליעדער אַריין אַזוי פיעל ליכט, אזוי פיעל היימליכע, וואַרעמע, לעבענדיגע ליכט...

עס זאָל נאָר נישט אויסלעשען, מאַמישי!

עס לעשט זיך אַזוי פיעל אוים!...

---

הערסט, מאַמישי!

ניין, וואַרט! אַזוי פּראָסט צוגעהן צו דער זאַך קען איך נישט...

נאָר הער! געדענקסט, מאַמישי, נעכטען האָסט דו מיר קליין-געלד געגעבען? געדענקסט?

איך האָב נאָך גאָר נישט אויסגעגעבען און עס פעהלט מיר שוין...

עס פעהלט מיר אַ צעהנער'ל!

צי איך האָב עס פערלוירען? ניין... דו גיבסט דאָך מיר פאַר אָרעמע לייט, פאַר אָרעמע קינדער, וואָס איך טרעף אויפ'ן שפּאַציער... אָרעם-געלד וועל איך נישט פערלירען.

צי איך האָב עס אַוועקגעגעבען? געוויס... צי איין אָרעמאַן? איך ווייס נישט... אפשר יאָ און אפשר ניין... הער, ווערסט דו אפשר וויסען!

נעכטען איז איך שעהן אונטערגעגאַנגען די זון... אפשר שעהנער...

דו האָסט מיך אויסגעלערנט קוקען, און איך קוק און זעה, וואָס אַנדערע פון מיינס גלייכען זעהט נישט... דעריבער שפּאַציער איך געוועהנליך אַליין... און שפּאַציערט האָב איך הינטער דער שטאָדט, דאָרט, וואו מען זעהט זי אין גאַנצען אַרויס ביים טייך, ווי דו ווייסט... די הייזער הויבען זיך אַלץ העכער און העכער, איינס איבערן צווייטען, איינס איבערן צווייטען... די, וואָס שטעהען ווייטער, ווילען אַריבערקוקען.

גאָט׳ס וועלט זעהן, און הויבען זיך, וואָס ווייטער אַלץ העכער און העכער, און די זון, אונטערגעהענדיג, קוקט אויף זיי, שפּרייט אויף זיי אויס די לעצטע שטראַהלען... געזעגענט זיך... קושט זיי...

און איך זעה, ווי די שאָטען יאָגען אונטער די שטראַהלען און לעגען זיך אַלץ דיקער און דיקער, און פּליטען, און זאַפּען זיך איין וואו נאָר זיי קענען; זיי פערפילען אַלע לעכער צווישען די הייזער, אַלע פרייע ערטער צווישען די מויערן, און הויבען און טרייבען דאָס רויטליכע לעצטע ליכט אַרויף, אַרויף, צוריק אין הימעל אַריין... „אין אייער רוה אַריין, שטראַהלען, אַצונד איז אונזער צייט!... אַ גוטע נאַכט!"...

און פּאַמעלעך ווערט אַלץ טונקלער און טונקלער, און דער הימעל ווערט טיעפער און טיעפער... באַלד וועלען זיך איינס נאָכ׳ן צווייטען אָנצינדען די שטערען... אַזוי קוקענדיג, בין איך געקימען צו דער סטאָליאַר-גאַס, צו דער הינטער-גאַס וואָס לאָזט זיך אַלץ טיעפער און טיעפער אַראָב... ביז צום טייך, נישט ווייט פון דער גרויסער שוהל...

איך בין צוגעגאַנגען נעהנטער צו דער שוהל.

ביי טאָג זעהט זי שרעקליך אויס... אָרעם, אָבגעריסען. פערשוואַרצט... די אויסגעהאַקטע שויבען ווילען די שפּינען פאַר רחמנות פערוועבען און פערשטעלען... און — געגענאיבער, אויפ׳ן באַרג, אין אָנהויב גאַס, שטעהט דער הויכער, שפּיציגער קלויסטער און לאַכט...

פאַר נאַכט האָט די שוהל גאָר אַנדעריש אויסגעזעהן... דאָס ערשטע מאָל האָב איך זי אַזוי געזעהן... אַ לייכטער, ליעבליכער. טונקעל-בלאָהער נעפּיל האָט זי אַרומגענומען... די אויסגעהאַקטע פענסטער זענען נישט בלינד געוועזען... זיי האָבען ערנסט און טיעף געקוקט אין דער וועלט אַריין... אין דער הויך די געזימסען האָבען געלעבט, כמעט גערירט זיך... עטליכע לייבען פון געזימס האָבען זיך געוואָלט אָברייסען פון דער וואַנד... אָט, אָט, הויבען זיי אָן ברילען!

מיינסט, אַז דאָס איז דער סוד? אָ, ניין, מאַמישי! דאָס, אייגענטליך, האָב איך ערשט אַ צונג געזעהן, ערשט אַצונד מיט די נעכטיגע אויגען.

אָח, מאַמישי, ווען איך זאָל זיין רייך!...

וואָס איך וואָלט געטהון?

איך וואָלט אויפגעריכט די שוהל!

איך וויל, זי זאָל אויך זיין הויך, זי זאָל אויך שפּאַרען אין הימעל אַריין; און זי מוז זיין העכער, ווייל זי שטעהט נידריגער! און אַ גאָלדענעם דאַך זאָל זי האָבען, און קריי־סטאָלענע פענסטער!

הערסט, מאַמישי, איך קלער מיר אַזוי: אָהן אַ שוהל קען מען זיך בעגעהן, גאָט איז דאָך אומעטום... וואו עס פאַלט אַ טרעהר, זעהט ער! וואו עמיץ הויבט די אויגען אויף צו איהם, זעהט ער! וואו עס קרעכצט אַ טרויעריג האַרץ הערט ער!... נאָר האָט מען אַ שוהל, מוז זי זיין הויך, שעהן און שטראַהלענדיג ערנסט.

אַזוי האָב איך נעכטען אויך געטראַכט. אין מיטען — דערהער איך אַ געוויין! אַ שטיל טרויעריג געוויין... זיס און טרויעריג, עפּיס אַזוי האַרציג...

דו, אַז דו שפּיעלסט ציהסט דו אַמאָל פון פּיאַנאָ אַרויס אַזאַ געוויין...

און איך האָב געמיינט, מאַמישי, — דעם אמת זאָגענדיג, האָב איך געוואָלט מיינען, איך האָב מיך אַמישנע נישט אומגע־קוקט, איך זאָל קענען וואָס לענגער מיינען, — אַז דאָס וויינט און ברומט פון דער שוהל אַרויס... אַז דאָרט אינוועניג זיצט, אין אַ לייכט־בלאָהען נעפּעל איינגעהילט, די נשמה פון דער אָרעמער שוהל און וויינט, און ברומט...

און זי קלאָגט זיך, וואָס די זון פערטהיילט זי... וואָס זי שיט גאַנצע בונטען גאָלדען ליכט אויפ'ן קלויסטער־דאַך און איהר קאַרגט זי אַ שטראַהל... וואַרפט איהר אין מיטען שעהנעם, העלען טאָג, ווי אַ נדבה, קוים אַ בלאַסען שטראַהל... און די

גליטשט זיך איבער איהר און גנב'עט זיך באלד אוועק ווי פער־שעמט!...

און דאך איז עס נישט געווען די שוהל...

---

עס איז א קליין מיידעלע געוועזען... זי איז געלעגען אויפ'ן זאמד, האט עפיס געזוכט און געוויינט...

אז איך האב מיך אומגעקוקט, האב איך נאר איהר אלט־אבגעריבען קליידעל, ווי א טונקעל־גראהען פלעק אויפ'ן געלען זאמד געזעהן... א פאר אויסגעקרימטע שיך!..

נאך עפיס האב איך געזעהן...

מאמישי... איך שעם מיך... עס ווערט מיר עפיס אזוי ווארעם... שטעל דיר פאר א פאליע רויטע, רויט־פלאמענדיגע האר... עס האט פונקען געשלאגען...

„וואס וויינסט דו, מיידעלע, וואס זוכסט דו אין זאמד?..."

הערסט, די מוטער האט איהר א צעהנער'ל געגעבען, עפיס קויפען געשיקט; האט איהר עמיץ, דורכגעהענדיג, אונ־טערגעשלאגען די האנד, דאס צעהנער'ל איז אין זאמד אריין.. דעריבער וויינט זי...

איך זאל איך־ווייס־וואס פערלירען, וואלט איך נישט גע־דארפט וויינען...

איך פרעג זי: א גרויסען צעהנער צי א וויים צעהנער'ל?

— א ווייס! — זאגט זי און קוקט זיך אפילו נישט אום.

— איך וועל דיר העלפען זוכען, — זאג איך.

איך בויג מיך אראב, מאך מיך זוכענדיג, און געפין איהר א וויים צעהנער'ל.

„נא!"

זי איז אויפגעשפרונגען פאר פרייד. מיט א ריהר מיט'ן קאפ האט זי צוריק ארונטערגעווארפען די רויטע פאליע האר... ווי פון אונטער א וואלקען איז ארויס א קליין, אלבאסטער־וויים פנים... מיט אויגען — מאמישי — מיט אויגען...

ניין, מאמישי, די אויגען קען איך דיר נישט אויסמאלען..

עס האט אין זיי געבליצט אזוי פיעל פרייד — — —

פאר קליין און גרויס.

א גאַנצע נאַכט האָבען זיך מיר די אויגען געחלום'ט...
א גאַנצע נאַכט...

---

אָט, דאָס איז, מאַמישי, מיין גאַנצער סוד.
דו שמייכעלסט?
לאַך נישט, מאַמישי, די אויגען וועל איך קיינמאָל נישט
פערגעסען...

---

מאַמישי — — —
מעג איך שפּאַציערען אויף דער סטאָליאַר-גאַס, קוקען —
— — אויף דער אַלטער שוהל?
— — — — — — — — — —

# די ווילדע בריאה.

## ערצעהלונג.

---

דאָס ערשטע מאָל אָטהעמט זי אָב פריי; דאָס ערשטע לאָזט מען זי אַרויס אין גאַס אַריין... און זי טאַנצט אַרום אין שניי!

וואָס זומער איז געווען, געדענקט זי נישט. אונטער'ן קורצען שטערן, מיט דער גרינליכער הויט בעדעקט, איז דאָ וועניג פלאַץ אויף אַ גוטען זכרון. די ליכטיגסטע איינדריקע ווערען באַלד טונקעל און פערלאָשען. זי אַליין ווייס אַפילו נישט, ווי אַלט זי איז. און קוקענדיג אויף איהר איז אונמעגליך איהרע יאָהרען צו שאַצען. זי זעהט אויס דיק — דאָס איז אָבער נאָר דאָס בייבעל אויפגעלאָפען. — די ברוסט איז איינגעפאַלען, דאָס קעפעל קליין, די הויט אויפ'ן פנים קנייטשט זיך, נאָר זי איז אין גאַנצען צו דין און קליין, מען זאָל זי רעכענען עלטער ווי 9—10 יאָהר. דאָס אויסזעהן טוישט זיך ביי איהר אַלע מינוט: נאָך אַ קינדיש-ליכטיגען שמייכעל, לעגט זיך אויפ'ן אַלטען פנים איין אַיינגעשפאַרטער בעָסט; טהייל מאָל פערקרימען זיך איהר די ליפען און די אויגען ברענען אונהיימליך אונטער צוזאַמענגעצויגענע, האָטש וועניג בעוואַקסענע ברעמען. איהרע געדאַנקען בינדען זיך נישט איינער אָן צווייטען, נאָר וואַרפען זיך דורך און טוישען זיך אָהן אַ שום צוזאַמענהאַנג...

און זי איז נישט אַזוי געבוירען... די באבע, וואָס האָט האָט זי אָבגענומען, האָט געזאָגט: „אַ שעהן קינד!" די ערשטע פאָר יאָהר האָט זי גוט געוואַקסען. זי האָט פריהער די ברוסט,

דערנאָך די מוטער, דערנאָך דעם פאָטער און שפּעטער אַ'ך אין שטוב דערקאָנט; די שוואַרצע אויגעלעך זענען איהר אַלע טאָג העלער און ריהרעוודיגער געוואָרען. נאָר דאָס האָט נישט לאַנג געדויערט. אין אַ צייט אַרום הויבט זי אָן געהן צוריק. דער שכל'דיגער פונק וועקט זיך איהר אין די אויגען אַלע מאָל זעלטענער.. וועניגער געדענקט זי די זאַך. דער פאָטער איז שוין אַוועק אַ יאָהר פינף, דאָך געדענקט זי גאַנץ גוט ווי ער פלעגט זי האַלטען אויף דער שוים און קושען און די מוטער האָט זי איהם אויסגעריסען פון דער האנד, ער זאָל איהר נישט אויסקושען די נשמה. טהייל מאָל געדענקט זי, איז זי בײ דער מוטער געזעסען און דער פאָטער איז געשטאַנען ביי דער מוטער אונטער די פּלייצעס און האָט זיך בעוויזען אַלע מאָל אין אַנ'אַנדער זייט: קוקו! קוקו! — די שטוב, די פנים'ער זענען אַזוי ליכטיג און וואַרעם געוועזען...

דערנאָך האט דאָס אָבער אויפגעהערט. עס איז עפּיס געוואָרען שטיל און טרויעריג און טונקעל. די שטוב איז עפּיס לעדיג געוואָרען, דער פאָטער פלעגט אַ סך מאָל שרייען, די מוטער וויינען; טהייל מאָל האָט מען אַזוי הויך געשריגען, אַז זי פלעגט אַנטלויפען אין אַ ווינקעלע און בעהאַלטען זיך פאַר שרעק. אין אַ צייט אַרום האָט מען זי אָנגעהויבען שלאָגען, דערביי אַלע מאָל וועניגער צו געבען עסען... דערנאָך איז דער פאָטער געשטאַנען אין שטוב פערפינסטערט מיט אַראָבגעלאָזטע אויגען, די מוטער האָט בעהאַלטען דאָס פנים און די הענד און האָט זיך געוואָרפען מיט'ן גאַנצען קערפּער... דער פאָטער האָט שטיל געזאָגט: „איך וועל שיקען געלד"! און האָט זיך איבערגעדרעהט און אַרויסגעגאַנגען... ער איז באַלד נאָך אַמאָל אריינגעקומען, נאָר זי האָט איהם שוין קיים דערקענט, אַזוי בלאַס, אַזוי איינגעבויגען איז ער געוועזען... ער האָט געקוקט אַ פּאָר מינוט אויף ביידען און איז נאָך אַמאָל שוין אויף שטענדיג אַרויס פון שטוב...

פון דאַמאָלס אָן, איז די צייט פאַר איהר אַ שטיק וועגס אין אַ פינסטערער נאַכט, אַ מין שלעפען זיך אין אַ וויסטעניש. אָהן

א בוימעל, אָהן א בלימעל... הונגער און קעלט אָדער א הייסע קאַרטאָפלע און קיים דערוואַרעמט זיך אין בעט...

נאָר אצונדערט שמייכעלט זי... דאָס ערשטע מאָל (דאַכט זיך איהר), האָט מען זי אַרויסגעלאָזט פון די תפיסה.

א גאַנץ ווינטער האָט זי די מוטער נישט אַרויסגעלאָזט פון שטוב. ווען זי האָט זיך אויפגעכאַפט איז די שטוב געוועזען לעדיג. די שויבען פערקאָוועט, די טהיר פערשלאָסען, נאָר ביים בעט, אויף א שטיקעל ליינוואַנד איז געוועזען גרייט פאַר איהר עפּים צו עסען: א שטיקעל ברויט, טהייל מאָל א בייגעל, א נעכטיגע געבראָטענע קאַרטאָפלע... דאָס אַלץ איז געוועזען קאַלט און זי פלעגט עס צו דערוואַרעמען אין בעט און דערנאָך עסען... אזוי פלעגט זי אָבליעגען א גאַנצען טאָג. ביי נאַכט ערשט איז געקימען די מוטער, געמאַכט א ביסעל פייער און אָבגעקאָכט אָדער געבראָטען פרישע קאַרטאָפלעס. טהייל מאָל פלעגט די מוטער א היים קומען גאָר שפעט. וואַרטענדיג אויף איהר, פלעגט זי טהייל מאל וואַרפען זיך און שרייען פאַר הונגער, אַרויסשפּרינגען פון בעט און באָרוועס ארום־לויפען אין שטוב און רייסען זיך די האָר, נאָר פאַר דאָס פלעגט איהר דאַמאָלס די מוטער ברענגען עפּים גוטע, זיסע אָדער פעטע זאַכען. אַם בעסטען איז געוועזען ביי נאַכט. די מוטער האָט זיך צו איהר געלעגט, פריהער איז געוועזען שרעקליך קאַלט, נאָר עס איז אַלע מאָל וואַרעמער געוואָרען און זי פלעגט זיך צודריקען צו דער מוטער אַלץ פעסטער און פעסטער. מיט דער צייט האָט זי זיך צוגעוואָהנט צו שלאָפען ביי טאָג און צו וואַכען ביי נאַכט. אין אָנהויב נאַכט איז נישט גוט געוועזען; פאַר'ן איינשלאָפען האָט די מאַמע שטאַרק געוויינט, נאָר דערנאָך איז געוואָרען וואַרעם און שטיל און זי איז געלעגען און געלעקט די פינגער און געקוקט אין פענסטער אַריין... אויפ'ן פענסטער זעהט זי אַלערליי בוימער. דורך זיי רייסט זיך אָפּט אַריין א ליכטיגער שטראַהל און איהר דאַכט זיך, אז דער פאָטער שטעהט אונטער'ן פענסטער און שמייכעלט

מהייל טאָל איז זי בעז געוואָרען אויף דער מוטער, וואָס לויפט ארום אַ גאַנצען טאָג אין גאַס און האַלט זי אין תּפיסה; דאַמאָלס האָט זי נישט געוואָלט עסען, נישט אַריינגעלאָזט די מוטער אין בעט און מהייל מאָל געוואָלט זי נאָך דראַפּען און בייסען... נאָר איהר איינגעגער הונגער און די מוטערס טרערען האָבען זי איבער־געדבר'ט... זי עסט וואָס די מוטער האָט איהר געברענגט און פרעגט נאָך אַלץ אין כעס: — וואָס לויפסטו — האַ? (זי רעדט שלעכט און שווער). אומזיסט וויל איהר די מוטער געבען צו פערשטעהן אַז דאָס לויפען איז נישט פאַר נחת, אַז זי לויפט ארום צו „פערדיענען", עס זאָל זיין וואָס צו עסען. די קליינע פערשטעהט נישט וואָס מען מיינט „פערדיענען", נאָר זי האַלט זיך נישט לאַנג ביי איין זאַך און פערגעסט אָן אַלעס. מהייל מאָל וועקט זי דאָך אויף די מוטער אין מיטען דער נאַכט: „וואָס פערדיענען?" עס געדויערט לאַנג, איידער די מוטער רייסט אויף די אויגען, דערנאָך בעט זי זיך ערשט: טאָכטער לאָז מיר שלאָפען. נאָר אָבזאָגען טאָר מען איהר נישט, זי איז איינגעשפּארט און וועט באַלד אָנהויבען צו בריקען. די מוטער מוז איהר דערצעהלען, אַז זי געהט אַרום פון הויז צו הויז, און זוכט אויב עס איז נישטאָ ערגיץ איין אַרבייט: פּאָמיעס אַרויסצוגיסען, ביי דער קיך העלפען, אַ גאַנג געהן... זי הערט נישט אויס אין גאַנצען און האַקט פּלוצלונג איבער מיט אַ נייער שאלה:

— קרעפּלעך — אָדער האָניג בעסער? די מוטער האָט זיך שרעקליך צווויינט. „ווען האָט זי קרעפּלעך, ווען האָניג געגעסען?" זי האָט דאָך אַמאָל געמוזט ביידע זאַכען עסען און דאָס זענען צוויי מאכלים, וואָס זענען איהר ראַפּטום אַרויסגעשוואומען אין זכרון. די מוטער וואַרפט זיך אין בעט אַזוי ווי דאַמאָלס, ווען דער פאָטער איז אַרויסגעגאַנגען...

באַלד פערגעסט זי אין גאַנצען. די מוטער בערוהיגט זיך און נעהמט זי אַרום און קושט זי און האַלזט, נאָר אין דער פריה איז זי ביי דער מוטער'ס אַוועקגעהן נישט געשלאָפען און

געזאָגט: מאַמע — קרעפּלעך — האָניג — ברענג. די מוטער איז אַרויסגעלאָפן פון שטוב.

איינמאָל האָט מען זי אויפגעוועקט ביי טאָג. פרעמדע מענשען האָבען געעפענט די טהיר, אַריינגעברענגט די מוטער, אויסגעטהון זי און אַריינגעלעגט צו איהר אין בעט. זי האָט זיך דערשראָקען — נאָר עס איז איהר באלד גוט געוואָרען: דער מוטער'ס לייב האָט געברענט ווי אַ פייער! עס איז איהר נאָך קיין מאָל אַזוי וואַרעם, אַזוי טרוקען נישט געווען!

ביים לעגען אין בעט אַריין האָבען די פרעמדע געוואָלט עפּיס אַרויסנעמען ביי דער מוטער פון דער האַנד, נאָר זי האָט נישט געלאָזט.. מן הסתם אַ קרעפּעל! זי לאָזט זיך אַרונטער אונטער דער קאָלדרע און געפינט די האַנד, זי עפענט זיך לייכט און זי שווימט אַרויס פון אונטער דער דעקע מיט עפּיס ווייסעס, דינס און האַרטס. זי חאַפּט עס אין מויל אַריין, — עס עסט זיך נישט... זי נעמט עס אַרויס פון מויל, בעקוקט און דערזעהט עפּיס אַ פּאָרטרעטעל, אַ קליינס אין עק פּונ'ם ווייסען...

— וואָס — איז — דאָס — מאַמע? וועקט זי די מוטער, נאָר זי ענטפערט נישט.

עס קימען אַריין צוויי ווייבער, איינע דערלאַנגט איהר עפּיס צו עסען — אַ לעקעכעל — און נעמט ביי איהר אַרויס דאָס ווייסע מיט דעם פּאָרטרעטעל אויס דער האַנד. עס איז אַ בריעף, נאָרביידע ווייבער קענען נישט לייענען.

דערווייל קומט אָן איין מאַנספערשוין דעקט אויף די מוטער, בעקוקט זי, נעמט ביי איהר די האַנד...

זי הויבט אָן שרייען, זי האָט מורא מען זאָל איהר די מוטער נישט צונעהמען, און עס ווערט איהר אויך קאַלט. נאָר מען דערלאַנגט איהר עפּיס אין מויל און זי שווייגט.

— ר' מרדכי! — מאַכט איינע פון די ווייבער, לייענט נאָר דעם בריעף.

דער פרעמדער טהוט עס און שאָקעלט מיט'ן קאָפּ.

— דער מאַן — זאָגט ער — שרייבט, אַז ער איז קראַנק געוואָרען פון דער שווערער אַרבייט. אַ שניידער איז ער, אַרבייט איבער 18 שעה אַ טאָג... ער בעט זי, זי זאָל איהם שיקען געלד צוריק־צוקומען...

— נאָך! נאָך! זיס! האַקט די קליינע איהם איבער און שטרעקט אויס די הענד.

די ווייבער הערען זי נישט.

— אויף שעהנע צרות געקומען — זאָגט איינע.

אין בעט איז געוועזען היים, דערנאָך האָט מען נאָך איינגעהייצט אין אויווען.

וואָס פאַר אַ גאָלדענע נאַכט עס איז געוועזען. די מוטער וואַרעמט... ביים בעט זיצט אַ פרעמדע און דרעמעלט און ווען זי חאַפּט זיך אויף, דערלאַנגט זי עפּיס די מוטער אין מויל אַריין. זי וויל אויך דאָס אייגענע. זי וויל שוין אָנהויבען שרייען, נאָר די פרעמדע האָט מורא פאַר איהר קול און דערלאַנגט איהר עפּיס זיסעס, זי רופט עס לעקעכעל און זעצט זיך צוריק און דרעמעלט ווייטער. און דאָס לאָך פון אויווען איז אָפען, עס ברענט... ועעה, ועעה, אַזוי רויט, אַזוי שעהן. עס דרעהט זיך, עס טאַנצט ציק־ציק־ציק! ערשט שוואַרץ, אַצונד רויט, אוי ווי שעהן־רויט...

איין מאָל ביי נאַכט האָט מען זי איינגעוויקעלט אין אַ וואַרעמען שאַל און געטראָגען פריהער ערגיץ ווייט, דערנאָך הויך אויף טרעפּ און מען האָט זי אַריינגעברענגט אין איין פרעמדע, קאַלטע שטוב אַריין. אין מיטען שטוב איז געזעסען אַ קליינע אַלטע ציטעריגע יודענע און האָט געפּליקט פעדערן, אין די זייטען אויף שעניקעס אויף דער פּאָדלאָגע זענען קינדער געשלאָפען...

די פעדער־פּליקערין האָט זיך נישט גערירט פון אָרט, נאָר געפרעגט מיט אַ פּישטשענדיג אָבגעריסען קול:

— ווער וועט צאָהלען?

— מען וועט שוין צאָהלען! האָבען געענטפערט די יודענעס וואָס האָבען זי געברענגט.

— מאַמע! האָט די קליינע ארויסגעלאָזט אַ געוויין, פּאַר שרעק און קעלט צוזאַמען.

נאָר קיינער קוקט זיך אויף איהר נישט אום.

— אַ יתומה? פרעגט ווייטער די פערפעדערטע אַלטע.

— נאָך נישט...

— מאַמע!

— שריי נישט בהמה, ענטפּעיט איהר איינע פון די יודענעס, די מאַמע איז אַוועקגעפאָהרען

פלוצלונג איז איהר פרעהליך געוואָרען און אַ שכל'דיגער פונק האָט זיך איהר בעוויזען אין די אויגען.

צום... צום... טאַטען? — נאָר מען ענטפערט איהר נישט.

— וואו וועט זי שלאָפען?

— היינט מיט מיר.

די יודענעס לעגען זי אין אַ קאַלט בעט אריין, דעם שאַל נעמט מען צו און זי הויבט אָן ציטערן.

— מאַמע! צולאָזט זי זיך אויף אַ קול.

— נעמט זי איין, פריידעל, זאָגען די יודענעס.

— געהט נאָר, געהט! ענטפערט די פערפעדערטע, דאָס איז שוין מיין זאַך.

די וואָס האָבען זי געברענגט געהען אַוועק און די יודענע פון די פערערן הויבט זיך אויף און געהט צו איהר צו.

— שווייג! — מאַכט זי האַרט און טרוקען. און זי דערשרעקט זיך און בלייבט שטיל.

זי קריגט אין דער פריה, גלייך מיט נאָך 4 קינדער, אַ שטיקעל ברויט מיט טהיי — טהיי האָט זי שוין לאַנג נישט

געטרונקען. זי האָט עס גאָר פערגעסען. ביי טאָג קריגט זי אַביסעל קאַרטאָפּלעס אָדער קאַשע, ביי נאַכט ווייטער טהיי מיט ברויט... זי איז כּמעט זאַט, נאָר עס איז איהר נישט גוט. זי האָט פיינד דיא קינדער און מורא פאַר פריידלען און בענקט...

— מאַמע!

נאָר פריידעל גיט אַ קוק אויף איהר און זי שווייגט. פריידלען האָט זי שרעקליך פיינד.

איין מאָל ביי נאַכט (זי האָט נאָך אַלץ נישט איהר שעניק און שלאָפט נאָך אַלץ נישט ביי נאַכט נאָר ביי טאָג) קריגט זי חשק זיך איבערצודרעהען צו דער אַלטער און צו בייסען און דראַפּען די שלעכטע, די מרשעת... נאָר פריידעל שלאָפט מיט האַלב אָפענע אויגען און זי דרעהט זיך צוריק איבער דערשראָקען.

— ווּעסט איינליעגען אַמאָל? פישצעט פריידעל'ס קול און דערלאַנגט מיט דער ביינינגער פויסט אין די פּלייצעס.

מיט דער צייט האָט זי די מוטער פערגעסען! דאָך בענקט זי און שרייט אַלץ אין איינעם: אַרויס! אַרויס!

זי האָט איהר שעניק בעקומען און פון דעמאָלס אָן האָט זי פאַר פריידלען ווייניגער מורא: זי אַנטלויפט פאַר איהר, און אין לויפען קעהרט זי אום און שלאָגט די קינדער, צוזאָגט די פעדערן, צוברעכט דעם טאָפּ פון זיי... פריידעל חאַפּט אַ בעזים, נאָר זי פערלירט דעם אָטהעם נאָכ׳יאָגענדיג די „ווילדע בריאה" פאַר דאָס איז זי זיך אָן איהר שפּעטער נוקס. זי מאַכט זיך רוהיג און שטיל, פאַר דאָס אַז די „ווילדע בריאה" שלאָפט שפּעטער אויף דעם שעניק, וואַרפט זי זיך אויף איהר אַרויף און צוהאַקט איהר דאָס לייב מיט די נעגעל. זי ווייַנט נישט, נאָר פערבלוטיגט בייסט זי די ליפען. די רעשט גרינע קינדער בעהאַלטען זיך אין די ווינקעלעך און אָטהעמען פאַר שרעק...

נאָר היינט האָט דאָס אַלץ אויפגעהערט. אַ יודענע איז געקומען צו פריידלען און געזאָגט, אַז מעהר וועט מען שוין פאַר דער ווילדער נישט צאָהלען: „נישטאָ פון וואַנען".

פריידעל האָט זיך אויפגעשטעלט, אין די אויגען האָט זיהר אויפגעבליצט דאָס רשעות. זי האָט אָנגעכאַפּט די „ווילדע בריאה" און ארויסגעשטופּט פון שטוב.

די ווילדע בריאה איז אַראָבגעקראָכען אויף אַלע פיער פון די טרעפּ (געהן אויף טרעפּ האָט זי נישט געקענט) און אַצונד, האַ, האַ! זי זעהט די גאַס! אזוי ווייס, אַזוי שעהן! אַ גליבער, וויסער, בלישטשענדיגער שניי! הו האַ!

און זי לויפט איבער'ן שניי באָרוועס און לאַכט...

# די לְבָנָה דֶערְצֶעהלט.

— מיעד פון קוקען אויף ווייסען מארמאר און אויערם ווייסע גאז־בעלייכטונג, האב איך מיך אוועקגעדרעהט און געווארפען א בליק אויף איין אונטערגאם.

פון איין איבערגעבויגען הייזעל געהט ארויס א בארוועס יונגעל, שלעכט געקליידט (די שמאטעס האלטען זיך אויפ׳ן קוים) און געגענאיבער, פון א צווייט הויז, כמעט א מפולת, קומט אויך ארויס אזא יונגעל.

קוים זענען זיי איינער צום צווייטען צוגעקומען, האב איך שוין נישט געוואוסט, וועלכער עס איז ארויס פון וועלכען הויז: ביידע אויסגעדארט, מיט ברענענדיגע אויגען, ביידע ציטערן פאר קעלט, אפשר פאר הונגער אויך.

איך הער ווי זיי שמועסען.

— פארטיג?

— און דו?

— אויך!

— האסט געגעסען?

— ניין... דער טאטע האט נישט געברענגט.

— מיינער — קראנק; די מאמע וויינט...

— געהען מיר?

— בעסער לויפען... ס׳איז קאלט...

— נו!

זיי לויפען פייל פון בויגען אין שטאדט אריין.

איך קוק זיי נאָך.

ביי איינעם פון די שענסטע הייזער שטעלען זיי זיך אָב.

— זעהסט! מיין פעטערס הויז! מאַכט איינער שטאָלץ.

דער צווייטער ווייזט אויף אַ הויז געגענאיבער!

— דאָס איז מיין פעטערס!

— מיין פעטער האָט מען אָבער געברענגט איין אַראַביש פערד׳ל פאַר 16 טויזענד!

— מיינער האָט אַ קאַרעטע מיט 4 פערד ווי די לייבען!

— מיינער האָט אפשר טויזענד דערפער!

— מיינער — אפשר הונדערט שטעדט!

— שוטה! ביי מיין פעטער זענען די מעבעל פון גאָלד!

— בהמה! ביי מיין פעטער — סאַמע בריליאַנטען!

— אָבער מיין מוהמע מיט איהרע פערפומען! די נאָז רייסט עס אויף!

אַ וואַ! מיין מוהמע געהט אַלע טאָג אין טעאַטער אריין...

— און אַז מיין פעטער שפּיעלט יעדע נאַכט אין קאָרטען — הא?

זיי האָבען זיך לאַנג געשפּאַרט און שיער נישט געפאַלען זיך אין די האָר אריין...

איינער איז דאָך פריהער אָבגעשטאַנען.

— קאַלט, מאַכט ער מיט אַ ציטער.

דער צווייטער שטעהט אויך אָב:

— איך בין זעהר הונגעריג, זאָגט ער, עס נאָגט מיך! קלינג אָן ביי דיין פעטער...

— ניין — ענטפערט יענער דערשראָקען — ער האָט אָנגעזאָגט דעם שווייצער, ער זאָל מיר העגד און פיס צערברעכען!

— מיין פעטער — דאָס זעלבע! — ענטפערט דער צווייטער.

זיי לאָזען ביידע טרויעריג אַראָב די קעפּ.

— געהען מיר?

[illegible] קליין און גרויס.

— בעסער לויפען..
און אויפ'ן וועג:
— מאָרגען ביי נאַכט נאָך אַמאָל...
— יאָ... איבערלויפען... איך וועל געבען אַ סימן...
איך וועל אַ קריי טהון ווי אַ האָהן...
—... איך וועל דיר ענטפערן מיט אַ מיאוק פון אַ קאַץ.
— גוט...
זיי זענען מיר פערשוואונדען געוואָרען.

# קינדער שפּיעל.

## פאַר די צערקווע.

אַ גאָלדענער טאָג...

די זון אויבען אין בלויען הימעל, די קאָפּולע פון דער צערקווע אונטען אין דער בלויער לופט — פלאַקערן... שפּריצען פייער.

די אַלעע אין סקווער אַרום צערקווע איז איבערפול, דאָס אויסגעשפּרייטע זאַמד בליצט גאָלדיג, דאָס ליכט רייסט זיך אַריין צווישען די געוויקסען, בעזוכט די פּערוואָקסענסטע ווינקעלעך און בעשיינט אַ חברה קינדער וואָס ליעגט אַרום קלאָמב פון אויסגעמישטע פלאַמענדיג־רויטע רויזען און אָבגעמאַטערטע, האַלב־געבויגענע ווייסע ליליען.

— סקוצ'נאָ! 1) רופט זיך אָן אַ יונגעל פון אַ יאָהר פונפצעהן אין אַ גענעראַלסקי מונדיר מיט אַ רויטען אונטערשלאַג, רויטע קלאַפּען און זילבערנע טראָלבען. ער שפּרינגט אויף.

עטליכע „מאַטראָסען" טהוען דאָס זעלבע, גענעצענדיג, און ווישענדיג זיך דעם שוויים. —

די רעשט קינדער שטעהט אויך אויף, — אָרעמערע קינדער, אין איבערגעמאַכטע זאַכען, אָן וועלכע מען דערקענט די פּאַטערס: אַ פּאָליציי־מאַן, אַ צערקווע־דיענער, איין אָרעמער טשינאָווניק...

די האַלטען זיך אַביסעל פון ווייטען, מיט אויסגעשפּיצטע אויערן, גרייט צו ערפילען יעדען בעפעהל.

1) לאַנגווייליג.

— קומט ווייטער שפּיעלען! זאָגט דער גענעראַל מיט אַ שטימע, אין וועלכער עס קלינגט שוין אַ קאָמאַנדאָ־טאָן.

— אין וואָס? פרעגט אַ מאַטראָס.

— אין איין אָבּיסק! 1) רופט זיך נישט דרייסט אָן איינער פון אָרעמען עולם.

— בילאָ! 2) גענעצט דער „גענעראַל!"—

— וו וויענציאַניע! 3) פּראָפּאָנירט אַ מאַטראָס.

— די באַרישנים 4) קענען נאָך נישט אַרויס פון פּרייוט 5).

— זיי וועלען אָנקומען.

— אָבער דערווייל? — סקוצנאָ! גענעצט דער גענעראַל. אַ קליינע פּויזע.

— וו סוד! 6) הערט זיך אַ שטילער פאָרשלאַג, ווייטער פון אָרעמען עולם אַרויס.

— חאָראָשאָ! 7) שמייכעלט דער גענעראַל—

— נאָ, קאָווּאָ סודיט טאָ 8)? פּרעגט אַ מאַטראָס.

— ווזיאַטאָצניקאַ! 9)

— ניע סטאָיט! 10)

— ראַזדענסטוויענקאַווּאָ!

— עטאָ גערעאָי! צאַר יעוואָ זשאַלויעט 11)

— שמיטאַ! מאַשענניקאָ 12) שמיטאַ! ראַזבאָיניקאַ 13)...

— חאָראָשאָ... רופט מען אַרום.

— ווער וועט זיין שמיט? פּרעגט דער גענעראַל.

אַלע ציהען מיט די אַקסעל; קיינער וויל נישט... אַלע קוקען מיט רחמנות פּנים'לעך און האַלב מיט שרעק צום גענעראַל, ער זאָל, חס ושלום, נישט הייסען...

— וואַניא בודיעט! 14) רופט אויס דער גענעראַל.

וואַניאַ, דער יונגסטער, לויט די קליידער אויך דער אָרעמ־

---

1) אונטערזוכונג. 2) שוין געווען. 3) חופּה, קדושין. 4) פרייליינס. 5) אַזיל. 6) גערייכט. 7) גוט. 8) נאָר וועמען משפּט'ן? 9) לאַפּאָוניק, שוחד געהמער. 10) נישט כדאי. 11) דער קייזער האָט'ן ליעב. 12) שווינדלער. 13) מערדער. 14) וואַניאַ וועט זיין.

סטער, אַ געלבלעך בלאַסער, מיט אַ גרוים קעפּעל, אויפגע-
שוואומען בייכעל און פיילענבויגענדיגע פיסלעך, בעקומט טרערען
אין די אויסגעזועצטע אויגען.

— יאַ ניע כאָטשיע! 1) שטאַמעלט ער, וויינענדיג.

דער גענעראַל טופּעט מיטן פוס.

— דו מוסט...

— ניין, ניין! דאָס יונגעל וואַרפט זיך אויף דער ערד

— איך הייס!

— ניין און ניין! און דאָס יונגעל גראָבט אַריין די הענד-
לעך און די פיסלעך אין זאַמד... האָטש טויט מיך

— חברה הייסט! אמת?

— יאָ! יאָ! רופען זיך אָן אַלע אַרום...

— אַ'נישט, טרייבט מען דיך אַרויס פון חברה!

— טרייבט! שרייט וואַניאַ מיט פערצווייפלונג.

— וואַניאַ, — רופט זיך אָן דער גענעראַל ווייכער —
וואַניאַ — און געהט צו צום ליעגענדיגען — הער וואַניאַ — ער
בעמיהט זיך וואָס מעהר ליעבשאַפט איינצופליסען אין דער
שטימע — בעקומסט, ווייסט וואָס?

— וואָס? העשעט וואַניאַ, און הויבט דאָס קעפּעל אויף
העכער אַ ביסעל און קוקט צום גענעראַל אַרויף מיט אַ הונגער-
בליק.

דער גענעראַל קלערט אַ ווייַלע און פּלאַצט אַרויס, —
שאָקאָלאַד!

וואַניאַ'ס הונגער-אויגען בליטצען אויף.

— אַ גאַנץ טעוועלע?

— אַ האַלבס! דינגט זיך דער גענעראַל.

— אַ גאַנץ! שפּאַרט זיך איין וואַניאַ.

— אַ גאַנץ! גיט דער גענעראַל נאָך, נישט אָהן פערדרוס.

נאָר וואַניאַ'ס אויגען לעשען זיך צוריק אוים.

— גענאַרסט מיך?

— ניין... מיין גענעראַלסקע וואָרט!

— גיב פאָראויס!

---

1) איך וויל נישט.

— נאַ! און דער גענעראַל נעהמט אַרויס, נישט אָהן חרטה, אַ טעוועלע שאָקאָלאַד און דערלאַנגט וואַניאַ'ן.

וואַניאַ גראָבט אויס דאָס רעכטע הענטעל פון זאַמד און האַפּט אָן דאָס טעוועלע פון דער אויסגעצויגענער זייט.

דער גענעראַל פערהאַלט די צווייטע זייט, ווערלענדיג אָב־ברעכען האָטש אַ שטיקעל.

וואַניאַ בעמערקט דעם מאַנעווער, רייסט געשווינד אויס דאָס גאַנצע טעוועלע.

— פּרעסער! זידעלט דער גענעראַל, און איבערדרעהענ־דיג זיך צו חברה:

— אַצונד קלויבט אויס אַ וואָיעני סוד 1)

— דו — פּרעדסיעדאַטעל! 2) רופט מען צום גענעראַל.

נאָר וואַניאַ, וואָס האָט זיך שון געהאַט אויפגעזעצט, מיט ציטעריגע הענטלעך אָבגעשיילט דאָס טעוועלע פון בליצענדיגען בלייערנעם העמדעל און געחאַפּט צום מויל, נעמט עס נאָך'ן ערשטען אָבלעקען צוריק אַרויס פון מויל און צעוויינט זיך.

— וואָס ווייטער? דרעהט זיך אויס דער „גענעראַל" צו־קאָכט.

— איהר וועט מיך שלאָגען!

אַ שטילע רחמנות'דיגע פּויזע.

— נו — רופט זיך אָהן אַ מאַטראָס — אַ ביסעל שלאָגען מוז מען דאָך!

— אָבער נישט קאָפּען מיט די פיס! בעט זיך וואַניאַ...

— גוט! — געבען אַלע נאָך

— נישט רייסען ביי די האָר..

— נאָר אַביסעל!

— ניין, גאָר נישט, עס טהוט וועה! צוהעשעט זיך וואַניאַ, — און נישט שטעכען מיט שפּילקעס! גיט ער צו.

דאַמאָלס געהט צו איהם נעהנטער צו דער גענעראַל, און טהוט אַ טופּ מיט'ן פוס און אַ געשריי:

---

1) קריעגס־געריכט. 2) פאָרזיצענדער.

— פרעס!

וואַניאַ ווערט פערציטערט, האַפּט די שאָקאָלאַד אין מויל־ אַריין און לעקט.

— פרעס! זאָג איך.

וואַניאַ הויבט אָן קייען פאַר שרעק.

— געשווינדער!

וואַניאַ פאָלגט; אַ רגע, און דאָס גאַנצע טעוועלע פער־ שווינדט.

— אַצונד מוסט דו! שרייט דער גענעראַל און אויס־ דרעהענדיג זיך צו די חברה:

— קלויבט זאַסיעראַטעליעס!

# חוזק.

(אַ שמועס).

— איהר קענט חוזק'ן?

— אַוודאי!

— וואו געפינט מען איהם?

— וואו נישט? אין גאַס, אין הייזער, אין שוהל, אין בית־המדרש, אָפט זיצט ער תפום!

— אַ שעהנער פערשוין!

— ער וועט דען שטאַרבען אויף זיין בעט?

— ווי זעהט ער אויס?

— ווי חוזק! הויט און ביין; אַ הויט פון פאַרמעט מיט לאַבענדיג־וויינענדיגע וואָרצעל, האַפטען און שראַמען. אויגען האָט ער אויך משונה'נע; זיינם אַ בליק קען קיין בעל־בתי'שער מענש נישט אויסהאַלטען. ליפען האָט ער פערברענטע, דינע, צוזאַמען־געפרעסטע. עס דאכט זיך, ער עפענט זיי נישט און דאָך שיטען זיך איהם נאָדלען פון מויל, אַז עס שטעכט יעדען אין אַלע אברים.

— ווי אַזוי קליידט ער זיך?

— קריעה־בליעה: וואָס קלעהרט איהר! אַ טויץ בגדים, נאָר סאַמע לעבער און חוזק שטאַרט פון אומעטום אַרוים...

— פון וואַנען לעבט ער?

— פון צרות, בויך־ צייהן־ לעבער־ און האַרץ־וועהטאָג! פון

וואַנען זאָל ער לעבען? אַז אַ מענש איז אַ לא יוצלח! ער איז אפילו בקי אין די קליינע אותיות נאָר טויגען — טויג ער צו גאָר נישט. איידער מען האָט איהם דערקענט, האָט מען אויף איהם רחמנות געהאַט, טאַקי, אַ תלמיד חכם, פאַר וואָס נישט! האָט מען איהם געמאַכט פאַר אַ מגיד. העלפט גאָט — שטאַרבט אַ ראש־הקהל, אַ יוד אַ גביר, אַ רעדעל־פיהרער, מאַכט ער אַזאַ הספד, אַז דער גאַנצער עולם איז שיער נישט צוקנאַקט געוואָרען פאַר געלעכטער; די ווייבערישע שוהל האָט געלאַכט, איהר פער־שטעהט? ! אַז אַזוי, אוים מגידות! מען מאַכט איהם פאַר אַ בדחן; מאַכט זיך ווייטער אַ גבירישע חתונה, שי״ן אלף רו״ב נדן... איז ער אַזוי משמח חתן כלה, אַז מען ווערט צוגאָסען פאַר געוויין! און דער הספד איז דוקא וויינענדיג, דאָס בדחנות לאַכענדיג, נאָר דאָס פנים, די גרימאַסען ברענגען אַרויס פון די כלים. אַז מען שמועסט אַ לא יוצלח! אַ פערשאָלטענער מענש!

— פערשאָלטען?

— אמת פערשאָלטען, וואו ער ווייזט זיך, קומט אַריין די קללה! וויין אין קעלער ווערט זויער, מילך אין שטוב — גע־רונען, שעהנע מיידלעך און חנ׳ודיגע ווייבלעך ווערען נמאס ומאוס; פון בעלי־צדקות — שווינדלער, נישטען — פון די גרעסטע בעלי־בתים! פון גבאי׳טעם — ר״ל, וואָס עס ווערט! למשל — מען מאַכט אַ חשבון פון צדקה געלד, מתן בסתר, מאיר בעלינס, אַזוי אַ חברה, עס דאַרף זיין עודף! די פושקע האָט אַ שלאָס, די גבאים קען מען פאַר פיינע לייט, הוצאות זענען קליינע, הכנסות — די והותר. חוזק קומט אַריין — פעהלט שוין ¾ געלד! עס ווערט אונטער די הענד פערשוואונדען! וויל ער, ווייזט ער נאָך זיינע שוואַרצע קונצען און געפינט דאָס געלד ביים רב אָדער ביים גבאי אין שטיוועל! אַז ער איז דאָ, געהט אפילו אומגעצעהלט געלד לאבוד! וואו ער שטעקט אַריין די נאָז, איז אוים אמונה, אוים בטחון, אוים קרעדיט!

— ווי לאָזט מען אַזוינס אַריין אין אַ יודיש הויז?

— מען לאָזט טאַקי נישט, ער גנב׳עט זיך דאָך אומעטום

אַריין... וואָס קלעהרט איהר, מען היט זיך פאַר איהם ווי פאַר פייער. דער רב ענטלויפט כמטחוי קשת, דיָנים חלש'ן, בעלי בתים'ס בייכער טרייסלען זיך ווי אין אַ פיעבער, די גרעסטע משכּילים פערגעסען די צונג אין מויל, בעלי צדקה לאָזען די אויגען אַראָב ווי די גרעסטע גנבים, און נשים — רחמנא־ליצלן — זענען מפיל פאַר שרעק! אַפילו בתולות...

— פון וואַנען קומט איהר צו דער סחורה?

— ווייסט איין בורא עולם! וואו מען זייעט איהם נישט קומט ער אַרויס! דאָ פון אונטער דער ערד, דאָ פאַלט ער אַראָב פון הימעל, דאָ יאָגט איהם אָן דער טייוועל ערגיץ פון אַ זייט... ער אַליין ווייסט נישט, פון וואַנען ער נעהמט זיך.

— און איינער אַליין?

— עלענד ווי אַ שטיין! קיין קרוב, קיין גואל... און עס איז קיין וואונדער נישט: קיינער וויל זיך צו'ן איהם נישט דערקענען, און ער אַליין וואָלט זיין איינענעם טאַטען נישט דערקענט...

— אַ כּשוף?

— אַ כּשוף!

# די רויז.

(אַ זומער ערצעהלונג).

---

עס געהט צו פסח, עס איז פריהלינג, און אין זאַקסישען גאָרטען וועלען זיך באַלד די רויזען בעווייזען.

איהר האָט עפּים ליעב רויזען? אין אַייער שמייכעל אַרום די ליפּען דערקען איך, אַז יאָ! אַיי. וואָס פאַר אַ ליכטלעך עס האָבען זיך אין אַייערע אויגען אָנגעצונדען! לאָזט נישט אַראָב די ברעמען! בהן צדקי — איך וועל קיינעם נישט אויסזאָגען! נאָר, אַז איהר האָט ליעב, וועל איך אייך טאַקי דערצעהלען אַ מעשה פון אַ רויז...

אַמאָל איז געוועזען אַ רויז.

געוואַקסען האָט זי אין איין עפּענטליכען (אפשר אין זאַקסישען) גאָרטען, אויפ'ן טראַווניק, נאָהנט צו דער אַלעע, אויף אַ שטעכענדיגען שטרויס.

בשעת ווען איהרע שוועסטער האָבען שוין לאַנג אינ'ם בליהען פערגעסען, איז זי נאָך יונג און גרין געוועזען. זי האָט נאָך דעמאָלט אויף אַנעמיע געליטען: וועניג, אָרעם בלוט גע־האַט, און האָט זיך געשעמט פאַר דער וועלט צו ווייזען. זי האָט זיך בעהאַלטען ווי אַם־טיעפסטען צווישען די שטעך־נאָדלען

נאָר אין שטילע נעכט האָט זי זיך אַמאָל אַרויסגערוקט, איין אויג געוואָרפען אויף איהרע שוועסטער, אויף אַלע ראָמאַנ־טיש גליקליכע בלומען, און פון זיי אויפגעהויבען דעם טרויעריגען

בליק צו׳ם בלאָהען, קלאָרען הימעל מיט אַ שטילע, נאָר אַ וויינענדיגע פּרעטענסיע צו גאָט, פאַר וואָס ער האָט אין איהר איינער פערגעסען, זי איינע פערטהיילט, איהר איינער אַזאַ טרויעריגע, איינזאַמע, עלענדע יוגענד געגעבען...

דאָס פלעגט אָבער נישט לאַנג דויערן. זי פלעגט זיך גיך און באַלד פאַר עפּיס דערשרעקען, און, פערציטערט, זיך צוריק בעהאַלטען אין שטרוים. מיט אַמאָל דאַכט זיך איהר — מען שיסט; דאָס האָבען ערגיץ, למזל טוב, עטליכע קנאָספּען גע-פּלאַצט. אָט הערט זי זיפצען — דאָס גוססט נאָר ערגיץ אין זאַמד אַ צוטרעטענע בלום.. עס הערען זיך עטליכע האַלז- און נאַז-טענער — א פערשפעטיגטער קאָרטען-שפּילער געהט זינגענדיג אַהיים, און לאָזט זיך הערען אין גאַס.

דאָך איז זי נישט זיכער, צי זי זעהט עס און הערט עס וואַכענדיג אָדער נאָר אין חלום. טהייל מאָל דאַכט זיך איהר, אַז איהר גאַנץ לעבען איז אַ חלום... אַז זי איז נאָר אַ געוועהנ-ליכער דאָרן, און אַ רויז נאָר אויפ׳ן עולם-הדמיון! אַז זי וועט זיך גיך און באַלד אויפחאַפּען שפּיציג און פערקרימט און פול מיט ברענענדיגע, גיפטיגען זאַפט!

* *
*

מיט דער צייט איז דער רויז בעסער געוואָרען. איהר דאָקטאָר איז געוועזען די וואַרעמע זון און עטליכע טראָפּען זומער-רעגען... זי איז אַלע מאָל געזונדטער און פולער געוואָרען. דאָס ערגלסטע רויזען-בלוט האָט איהר אָנגעהויבען צו קרייזלען אין די אָדערן, זי ווערט רויט און רויטער, מיט יעדער מינוט שעהן און שעהנער. דערביי ווערט זי אויך מוטהיגער און שטאַרקער ביי זיך!

און וואָס רויטער און געזונדטער זי ווערט, הויבט זי זיך אַלץ העכער און העכער, און קוקט אַלע מאָל זיכערער און לעבענדיגער אַרום אויף דער פרייער וועלט. דערנאָך איז געקו-

מען די העכסטע צייט, זי איז שוין אין גאַנצען צייטיג, פול מיט זאַפט און שאַרלאַך־רויט! אַצונד הויבט זי זיך אויף אין גאַנצען, שטרעקט אַרויס דאָס גאַנצע קעפּעל הויך איבערן שטרויס, אום אַלעם מיט אָפענע אויגען צו בעטראַכטען, און פון אַלעם בע־טראַכט צו ווערען!



זי קוקט זיך אום און פערוואונדערט זיך! אַלע איהרע שוועס־טער זענען שוין פערשוואונדען געוואָרען; זי איז געבליבען איין רויז אין גאָרטען, איינע אַליין. עס פרעהט און שרעקט זי צוזאַמען!... חאָטש זי האָט אַלעס נאָר ווי אין חלום געהערט און געזעהן, ווייסט זי דאָך, וואָס דאָס פערשווינדען בעטייט! זי ווייסט, אַז איהרע שוועסטער זענען פון די שטרויסען אַראָב אין דער וועלט אריין זוכען גליק. וואָס דאָס „גליק" אַליין איז, דאָס ווייסט זי נישט, נאָר עפּיס טרוימט איהר, אַז עס איז אַ גליק פערהאַנען, אַז דאָס גליק וואַקסט נישט אויפ'ן שטרויס, אַז צוליעב איהם מוז מען אַרויס פון דער שטעכעדיגער אָרעמער היים אין דער פרייער וועלט אַריין, צוגעזעצט צו עמיצענס אַ ברוסט!

זי שרעקט דאָס געחלומטע גליק און דאָך ציהט עס זי ווי אַ מאַגנעט... זי דערמאַהנט זיך, אַז איינמאָל האָט זי געהערט אַזוי זיס מוזיקאַליש רעדען פון גליקליך זיין און גליקליך מאַכען... מענשען האָט זי נישט איינמאָל געזעהן און געהערט בעהאַלטען אין שטרויס... טהייל עלענדע, טרויעריגע, פערקרימטע מענ־שען... נאָר טהייל פרעהליכע, גליקליכע מיט רויזען אויפ'ן האַרץ! און די האָבען געשמייכעלט, און דאָס פנים האָט זיי געשטראַהלט מיט גליק! זי וויל אויך אויסגלייכען, בלאַנק מאַכען אַ זויער־טרויעריג פנים, זי וויל אויך ליכט אָנצינדען אין האַלב פערלאָשענע אויגען...

זי וויל זיך אַליין אָברייסען פון שטרויס און צו־קאָלערן זיך צו דער אַלעע, וואו מענשען וועלען באַלד אָנהויבען שפּאַצירען... עס „פּאַסט" דאָך נישט; זי ווייסט שוין, אַז דער סדר עולם איז

ניִשט, רויזען זאָלען זיך אָברייסען אַליין... מען מוז וואַרטען... אויך אונטען וועט מען זי נישט בעמערקען! עס קען דורכגעהן אַ פערטראָגענער סוחר, אַ פּראָצענטניק, וואָס לויפט נאָך זיין אָפּפער אָדער וואָס ענטלויפט פאַר'ן געזעטץ... אַ טרעגער מיט אַ שווערע לאַסט אויף די פּלייצעס, וואָס וועט אויף איהר גאָר קיין מבין נישט זיין און נישט אָבטרעטען פון וועג... און אונטער אַזוינע פיס וויל זי אודאי נישט שטאַרבען. זי מוז בלייבען אויפ'ן שטרויס, חאָטש אַזוי איינזאַם און טרויעריג!

— מען וועט דאָך באַלד קומען! טרייסט זי זיך! מיינע שוועסטער זענען דאָך אויך נישט זיצען געבליבען!

*   *
*

עס איז אַ קלאָרער, העלער פריהמאָרגען; זיי וועלען זיך באַלד בעווייזען! דער הימעל איז אַזוי העל-בלאָה, אַזוי צוזאָגענ-דיג, אַזוי שמייכעלדיג, אַזוי גוט! אין אַזאַ שעהנעם העלען טאָג מוז איהר גליק געבאָרען ווערען, און — ווי אַ זילבערנע שטראַהל פון הימעל, ווי אַ ברכה פון גאָט, אַראָבפאַלען אויף איהר! זיי וועלען זיכער קומען און איינער פון זיי... איינעם פון זיי וועט זי בעגליקען!

זי הויבט זיך נאָך העכער איבערן שטרויס. זי גלייכט אויס און צולעגט איהרע רויטע קליידלעך, מיט חנ'ודיגע טהוי-בריל-יאַנטען בעשיט. זי לעגט דאָס קעפּעל אַ ביסעל אין אַ זייט; אַזוי פיהלט זי זיך שעהנער און נעהנטער צו דער שמאָלער אַלעי.

*   *
*

עמיץ געהט!

עס הויבט אָן ציטטערן דאָס קליינע רויזען-הערצעל. זי וויל זיך שוין צוריק בעזאַלטען, זי האָט חרטה... נאָר דער, וואָס קומט אָן, חאָטש ער זעהט זי נאָך נישט, ציהט זי שוין צו ווי אַ מאַגנעט.

אַ רויז איז פון נאַטור צו ערדעל, עס זאָל איהר אַזוינס געפעלען!

* *

*

מיט אַ גראָהעם פאַראַסאָל אין דער האַנד, מיט גרויסע קאַלאָשען אויף די פיס, מיט אַ דיקען פאַלעטאָט, פערמאַכט אויף אַלע קנעפּ, מיט אַ ווייס טוך פערבונדען די צייהן, מיט אַ הויכען צילינדער אין דער לינקער און אין דער רעכטער האַנד אַ דיקען וויין־שטאָק, איבער וועלכען דער גאַנצער קערפּער בויגט זיך אינ'ם גאַנג; מיט אַ גאָלען קאָפּ און דאָפּעלטע ברילען אויף דער דאַרער, געגאָרבעט, שפּיציג־בייניגער נאָז, קומט אָן — שלעפּענדיג אַ פוס נאָך אַ פוס — איין אַלטער „דייטש"!

די רויז האָט זיין שטילען גאַנג נישט דערהערט, און קיין צייט נישט געהאַט זיך פאַר איהם צו בעהאַלטען.

ער שטעלט זיך פאַר איהם אָב, שלעפּט צו איין פוס צו'ם צווייטען! מאַכט צורעכט די דאָפּעלטע ברילען און בעטראַכט די פרישע בריאה...

ער רונצעלט דאָך די נאָז; זי איז איהם נ י ש ט געפעלען.

— פּהי! — בלאָזט ער אַרויס פון צווישען די בלאָהע ליפּען, און דערפון ווערט אַ ריח און אַ גערויש, גלייך אַ פויל בלאַט וואָלט געפלויגען אין דער לופט.

— פּהי! שוין נישט פאַר מיר! צו פיעל ענטוויקעלט... צו אַלט! איך דאַרף יונגער, פרישער; נאָך גרינלעך, עפּיס אַזוינס — — —

ער לעגט צו צוויי פינגער צו די ליפּען, וויל ענדיגען מיט אַ וואָהל־יונגערישען פייף, נאָר עס קומט אַרויס קוים אַ צישען פון אַ שלאַנג — — און געהט ווייטער.

— ברעך די פיס! קען זיך די רויז נישט איינהאַלטען.

* *

*

אָט, עס קומט אָן אַ מענש אין די מיטלערע יאָהרען.

עס געהט אַ יונגער מאַן מיט אַראָבגעלאָזטע אויגען...

— אַח! ער וועט מיך נישט דערזעהן! טרייסט זי זיך און שרעקט זיך צוזאַמען!

דער יונגער מאַן קומט נעהנטער. זי האָט נאָך אַזאַ טרויע־ריג פּנים נישט געזעהן! אַ דינער ביטערער שמייכעל בלאָנדזיעט אַרום אַ פּאָר קליינע בלאַסע ליפּען... דער יונגער שטערן איז געראונצעלט, אויף די בלאַסע באַקען איז שוין לאַנג, אַ פּנים, קיין פרעהליכער שטראַהל נישט געפאַלען... זיינע אויגען זעהט זי נישט, נאָר זי פיהלט, אַז זיי מוזען זיין בלאָה און שעהן ווי דער הימעל, נאָר טרויעריג — ווי עס קאָן נאָר זיין אַ הימעל אָהן זון!

— און קיין איינציגע פון מיינע שוועסטער — וואונדערט זי זיך — האָט זיך פאַר אַזוינעם נישט געאָפּפערט?

דער יונגער מאַן הויבט פּלוצלינג אויף די אויגען; זי האָט געטראָפען! דאָרט קאָן זיין אַ הימעל, נאָר דערווייל איז אַ ים פון לייד! ער דערזעהט זי אויך; רייבט זי מיט דער האַנד דעם שטערן, ווי איינער וואָס דערמאַהנט זיך עפּיס; זיין פּנים ווערט בלאַסער, און דער דינער ביטערער שמייכעל ווערט ברייטער און ברייטער און פערשפּרייט זיך אַלץ העכער און העכער ביז די אויגען צו... נאָר באַלד פאַלט דערויף אַ געדיכטער שאָטען פון וועהטאָג! ער פערברעכט די הענד:

— אַ רויז — ציטערן זיינע ליפּען — אַ רויז! — ווען יענע האָט מיר „יאָ" געזאָגט, האָט זי אַ רויז געטראָגען... נאָר דאָס איינענע ציערונג האָט זי געהאַט אויף דער ברוסט, ווען זי האָט מיך אָבגענאַרט... די איינענע רויז!

— אַח, דאָס נאַריישע האַרץ! בייזערט ער זיך אויף זיך אַליין — ער קאָן נאָך אין איהר און אין ר ו י ז ע ן נישט פערגעסען!

— מאַרש! קאָמאַנדירט ער זיך, און רייסט זיך אַוועק מיט געוואַלד, און פערשווינדט אין איין אַנדערע אַלעע.

— אַח, גאָט, גאָט, קלאָגט זי די רויז — וואָס מיינע שוועסטער קענען!

אָה! זי וועט עס נישט טהון... ביז'ן לעצטען אָטהעם, ביז'ן לעצטען הויך! אָה ניין! אינם טרייעם אָפּפערן זיך איז דאָס העכסטע גליק פון אַ רויז!

* *
*

עס קומען אָן צוויי עלטערע דאַמען; געהענדיג, בעטראַכ־טען זיי אַלע שטרויסען; אַלע זענען לעער!

— זיי מוזען דערוואַקסענע זיהן האָבען! טראַכט זיך די רויז.

— נאָר פאַר וואָס קומען זיי נישט אַליין — זעהט עס איהר וואונדערליך אויס.

— מיר האָבען זיך פערשפּעטיגט — מאַכט איין דאַמע צו דער אַנדערער.

— איך זעה שוין — ענטפערם די צווייטע — עס וועט שוין דאָס יאָהר קיין רויזען נישט זיין!

די רויז וויל דאָך. מען זאָל זי בעמערקען, אָבוואָהל דאָס רחמנות אויף יענעם קלינגט איהר נאָך אין הערצעל. זי בע־וועגט זיך און עס געראָטה איהר!

— אָט, אַ רויז! מאַכט איינע.

— איך זעה שוין — זאָגט די צווייטע — „קיין מעשה נישט" פון אַ רויז, נאָר איינע איז קיינע! פאַר מיינע געסט דאַרף איך וועניגסטענס — אַ טאָפּ איינגעמאַכטס... נאַכט אויף נאַכט ווייז און קאָרטען! דאַרף דאָס אויך נישט פעהלען.

— איך — וועניגסטענס איין עמער זאַפט...

די אָרעמע רויז דאַנקט גאָט, אַז די דאַמען זענען פערביי־געגאַנגען. זי שטויסט זיך אפילו נישט, ווי אַזוי מען דריקט אַרויס דעם זאַפט פון רויזען, ביי וואָס פאַר אַ פייער עס פרעגלען זיך קאָנפיטורען... נאָר די דאַמען אַליין זענען איהר נישט גע־פעלען; אַזוינע דיקע, שמאַלציגע פּנימער..!

עלעגאַנט געקליידט, דער אָבערציהער מיט דער העלער אונטער־לאַג אויפ׳ן אַקסעל, מאָדישע זעק אַלס ביינקליידער. איין אָפּע־נער זיאַקעט, פון וועלכען עס קוקט אַרויס אַ גאָלדען (אָדער אַ געגילדט) קיטעל, און ענדיגט זיך נאַכלעסיג, אַראָבפאַלענדיג מיט אַ גרויסען פערדס־קאָפּ אין אַ ראַם פון אַ קליינער פערדס־פּאָדקאָווע; איבער דער ברוסט טאַנצט אין דער לופט אַ גאָלדענע פאַנסנעע אויף אַ דין־זילבערנע האָר; אַ יעגער־הוט, און — אַ פנים, צו וועלכען מען האָט זיך געמוזט גוט און שאַרף צוקוקען, מען זאָל דערזעהן, אַז דאָס לעבען האָט שוין לאַנג דעם פרישען הויך דערפון אַראָבגעבלאָזען... נאָר די אויגען זענען רויטליך־מיער, אין אַרום־געפּאַסט מיט בלאָהע רענדער.

די רויז בעמערקט ער באַלד, נאָר ער בלייבט אפילו נישט שטעהן אַ רגע.

— פאַר איין אַנדערער — טראַכט ער — איז אַ רויז גענוג. איך וואָלט געשיקט אַ רויז מיט דער פרישער טהוי, אַ שמעקענדיגען בילעט מיט פלאַמענדיגע ריימען אונטער אַ דורך־געשטאָכען האַרץ... זי וויל אָבער בריליאַנטען!

* *

*

עס קומט אָן אַ בלאַסער יונגער מאַן, לאַנגע, נאָכגעלאָזטע, פּאָעטיש פאַנטאַסטיש צושויבערטע האָר. די אויגען פערזענקט אין הימעל, גלייך ביידע בלאָהע פאַרבען ווילען זיך צוזאַמען־גיסען! אין מויל מיט גוט געריימטע ליפּען — אַ זיס זומער־ליעדעל אָהן ווערטער, און אויפ׳ן בלאַסליכען, מיט גאָלדענע זון־שטראַהלען לייכט געדרויטעלטען פנים איז אויסגעגאָסען אַ פאַרביג־פּאָעטישער חלום.

די רויז דערפיהלט אַ שטאָך אין האַרץ, גלייך עס האָט זי אַ פייל געטראָפען.

עס טהוט איהר וועה, נאָר די וועהטאָג איז אַזוי זיס, אַזוי עדעל־זיס! איהר ציטערט דאָס קליינע רויזען־האַרץ, און

צאַפּעלט ווי אַ יונג פויגעלע אין שטייג, עס ווילט זיך אויס־רייסען!

— אָט — דאָס איז דער — צאַפּעלט עס און רייסט זיך — וואָס עס האָט זיך מיר אַזוי לאַנג געחלומ'ט! וואָס גאָט האָט מיר געווייס בעשערט! גליק איז אויף זיין ברוסט! אַה! ער זאָל מיך נאָר זעהן! ער זאָל מיך נאָר זעהן!

און איהר הייס געבעט איז ווייטער געהערט געוואָרען; ער האָט זי דערזעהן!

ער בלייבט שטעהן ענטציקט! די בלאָהע אויגען ווערען איהם גרעסער און די שטראַהלען אין זיי — ליכטיגער און װאַרעמער!

ער געהט צו און בעריהרט זי זאַכט מיט די ציטערדיגע פינגער, ער לעגט צו זיינע ליפּען צו איהרע עדעלע בלעטלעך... זיי טרינקען פון איהר טהוי... ער קושט זי...

— אָה, דו שעהנע! זיסע, הימלישע רויז! זינגט פון איהם אַרויס — דו גאָטעס זיסער שמייכעל! דו בעסטער שטראַהל פון זיין אויג! ווי ליעב האָב איך דיך! ווי דו ציהסט מיך צו דיר!

ער קושט זי נאָך אַ מאָל... און זיינע ליפּען דערפיהלען אַז די רויז וויל זיך אָנקלעבען אין זיי... אַז זי אין גאַנצען ציטער'ט און וויל זיך אָברייסען פון שטרויס...

און ער ציטערט אויך! נאָר אַ טרויעריגער וואָלקען ציהט זיך פלוצלונג איבער זיין פנים. ער רוקט זיך אָב.

— ניין — ציטערן זיינע ליפּען, בשעת ווען ער חאַפּט די הענד צו זיך, גלייך ער וויל זוי נישט געטרויען —

— דאָס נישט! איך וועל דיר פאַר דיין גוטס מיט קיין שלעכטס נישט צאָהלען...

„צו געשווינד וואָלסט דו פערוועלקט אין מיין נאַסער שטוב... דענערוווירט — וואָלט איך דיך נאָך בעליידיגט, און דערנאָך — מיר אין קאָפּ אַ קויל אַריין־געיאָגט..."

„אָ, ניין! בליה ווייטער, בליה! דו וועסט בלייבען די קע־ניגין פון אַלע מיינע חלומות... וואו איך וועל זיין. וועל איך אַלץ שיקען מיינע זיפצען און מיין געבעט צו דיר... נאָר בליהען זאָלסט דו ווייטער.."

„בליה"!

און ער געהט אַוועק...





בעטויבט, בלייבט די רויז אויפ'ן שטרויס און בעמערקט נישט, אַז מיט דער אַלעע קומט אָן אַ שכור.

ער וואַקעלט זיך אַהין און אַהער, זינגט עפּיס אונטער דער נאָז און פאַלט גלייך אויפ'ן שטרויס אַרויף.

אַז די פּאָליציי האָט'ן שפּעטער־צו אויפגעהויבען, האָט זיך דער שטרויס צוריק אויסגעגלייכט, נאָר די רויז איז שוין אויף איהם נישט געוועזען. —

# די טויטע שטאָדט.

אַרומפאָהרענדיג אויף דער פּראָווינץ וועגען דער יודישער סטאַטיסטיק, האָב איך אונטערוועגענס געטראָפען אַמאָל אַ יוד וואָס האָט זיך געשלעפט טריט ביי טריט אין שווערען זאַמד. דער יוד זעהט אויס קראַנק, קוים וואָס ער געהט. קוים וואָס ער שלעפּט די פיס. איך קריעג אויפ'ן רחמנות און נעהם איהם אויף, אויף דער פוהר. ער זיצט אויף, שטעקט מיר אָב „שלום עליכם"! פרעגט מיך אויס וועגען אַלערליי נייעס. איך ענטפער און פרעג צום סוף:

— און איהר פון וואַנען זייט, ר' קרוב?

— פון דער טויטער שטאָדט! — ענטפערט ער געלאַסען.

איך מיין ער שפאַסט.

— וואו איז עס, פרעג איך — הינטער די הרי חשך?

— אי! — שמייכעלט ער, — דוקא אין פוילען...

— אין אונזער מדינה, אַזאַ שטאָדט?

— פערהאַן! — זאָגט ער — פערהאַן! הגם די אומות העולם, ווייסען נישט פון איהר, און האָבען איהר קיין גווישען נאָמען ביז היינט נישט געגעבען... עס איז אַ יודישע, איין עכט יודישע שטאָדט!

— וואָס רעדט איהר?

— וואָס איהר הערט! איהר קענט אַודאי געאָגראַפיע און מיינט, אַז אַל"ץ איז דאָרט פערשריבען; אַז אָסור! מיר יודען לעבען אָהן געאָגראַפיע!.. נישט פערשריבען און פון נאָהנט און וויים קומט מען צו אינז און מען פאָהרט פון אונז. נאָך וואָס געאָגראַפיע?... יעדער בעל־עגלה ווייסט דעם וועג...

— איהר גלויבט נישט? פרעגט ער ווייטער.

איך שווייג.

— און דאָך איז אַזוי! אונזער מרא דאתרא שרייבט זיך דורך מיט אַלע גאונים פון דער וועלט! עס געהען שאלות ותשובות וועגען אַלע די וויכטיגסטע זאַכען... און אַלץ ווערט פערזאָרגט... איז נאָך דער צייט! נישט לאַנג, למשל: האָט מען מתיר געמאַכט איין עגונה, וואָס האָט שוין לאַנג אויסגעלעבט איהרע יאָהרען; נו, וואָס איז? דער עיקר איז דער שׂכר פון פלפול, נישט די עגונה!

ער מאַכט ווייטער:

— אַלע „איינקלעך" ווייסען שוין לאַנג פון אונזער שטעדטיל... קומען, ברוך השם, גאַנץ אָפט... פאָהרען, ברוך־השם, נישט לעדיג אַרויס.

— דאָס ערשטע מאָל הער איך פון אַ מויטער שטאָדט!

— איז ווירקליך אַ וואונדער! מוזט איהר זיך אַ ביסעל האַלטען פון ווייטענס... עס איז דאָך איין עכט יודישע שטאָדט, איין אמת'ע עיר ואם בישראל; זי האָט אַלץ וואָס אַ שטאָדט ברויך; משוגעים אפילו, צוויי, אָדער דריי! און מסחר האָט זי אויך אַ שם!

— פיהרט עפּיס אַרויס צי אַריין?

— וואָס? וואָס זאָגט איהר? פרעגט דער יוד, נישט רעכט פערשטעהענדיג. — סחורה, מיינט איהר, אַרויס און אַריינפיהרען?

איך שאָקעל מיט'ן קאָפּ אויף יאָ.

— געוויס! — ענטפערט ער — מען פיהרט אַרויס תפילין און רצועות, מען ברענגט אַריין אתרוגים פון קורפו און ערד פון ארץ ישראל! אָבער נישט דאָס איז דער עיקר: דער עיקר איז דער האַנדעל אויפ'ן אָרט, אין שטאָדט גופא, שענקען, אורחים־שטיבלעך, אַלטוואַרג... כנהוג בישראל, ווי דער שטייגער איז...

— איין אָרעמע שטאָדט?

— וואָס הייסט רייך און וואָס הייסט אָרעם? ס'איז דאָ פרנסה! גאָר אָרעמע לייט, געהען אַרום אין די הייזער, אין דער־היים אָדער אין סביבות... דאָס מעהרסט — אויפ'ן אָרט! ווער עס שטעקט אוים אַ האַנד, דעם גיט מען. אַנדערע זוכען זיך לייכטע מלאכות, אַ שטייגער: אַ מעקלעריי, זוכען אין די גאַסען און געפינען אַ כשר'ע מציאה... דער רבונו של עולם פערלאָזט נישט!... יתומים עסען טעג ביי בעלי בתים און לערנען אין תלמוד תורה; פון יתומות ווערען דיענסט־מיידלעך, קעכין, פאָהרען אָב און זענען זיך אויך מפרנס... אלמנות, גרושות און עגונות (אין די לעצטע צייט איז פערהאַן אַ סך עגונות) זיטצען פערשלאָפען איבער פייער־טעפ! און פערדרויכט, חלומט זיי, אַז עס וואַקסען שוין גרייטע זעמעל אויף די בוימער... אַנדערע לעבען גאַנץ בכבוד!

— פון וואָס?

— פון וואָס? ווי דער סדר עולם איז! איין אָרעמאַן האָט בפחון, אַ סיחר שלינגט לופט, און דעם ערד־אַרבייטער, דעם קברן מיין איך, דעם פעהלט אַודאי נישט...

---

צי מאַכט ער חוזק, דאָס אויסגעדאַרטע יודעל, דער גל־עצמות, מיט'ן מאָדנע פייער'ל, וואָס בליצט איהם אין די טיעף איינגעפאַלענע אויגען? אויפ'ן שאַרף־ביינינגען פנים, וואָס איז אַרומגעצויגען ווי מיט אַ געל שטיק פאַרמעט, בעווייזט זיך דאָך קיין מינדסטען שמייכעל... נאָר דאָס קול זיינס... עפּיס קלינגט עס מאָדנע!

— וואָס איז עס פאָרט — פרעג איך — פאַר אַ מין שטאָדט?

— וואָס הייסט? אַ שטאָדט ווי אַלע שטעדט! פערהאַן אַ שוהל; אויף די ווענד, דערצעהלט מען, איז געווען אמאָל אויסגעמאָלט אַלערליי חיות, בהמות און עופות, פון פרק שירה טרוים... אויפ'ן בעליק ווייטער — אַלערליי כלי זמר, פון דוד

המלך, עליו השלום... איך האָב עס שוין נישט געזעהן, נאָר אַלטע יודען זאָגען!

— און היינט?

— היינט? שטויב און שפינגעוועבס... נאָר אַ הילצערנע קייט, פון איין שטיק אויסגעשניצט, הענגט נאָך אַראָב פון בעליק, פאַלט זיך אַזוי בנעימות אַראָב, אין אַ זייט פון ארון קודש, רעבטס פון פרוכת, וואָס איז ווייטער אַ מתנה פון פרומע נשים... ווער עס האָט געמאַכט די קייט, געדענקט מען נישט. נאָר אַ מייסטער איז עס געווען! אַזאַ קייט!

— אין שיהל — דערצעהלט ווייטער דער יוד — דאַווענען, ווי דער שטייגער איז, סאַמע פראָסטאַקעס — בעלי מלאכות; אויסגענומען שניידער, וואָס האָבען אַ בעזונדערן מנין, און קצבים מיט בעלי־עגלות, וואָס האָבען זיך האַיאָהר געדונגען אַ בעזונדער שטיבעל צו דאַווענען... די שיהל קען קוים עברי! שעהנע בעלי בתים, בני תורה דאַוונען אין בית המדרש, אַ גרויס בית המדרש... אַ סך ספרים! חסידים וועדער דאַוונען אין שטיבלעך!

— און מחלוקת פערהאַן?

— כל זמן מען לעבט! אויפ'ן קברות פאַר דאָס, איז שלום... איין בית עלמין פאַר אַלע... דאָס מרחץ מיט דער מקוה זענען אויך בשותפות פאַר אַלע...

— וואָס נאָך פערמאָגט איהר?

— וואָס דאַרף מען נאָך? געוועזען הכנסת אורחים, אונטער־געגאַנגען... אורחים קענען שלאָפען אין בית המדרש... לעדיג ביי נאַכט... אַ הקדש האָבען מיר!

— אַ שפיטאָל, מיינט איהר?

— נישט קיין שפיטאָל, נאָר אַ הקדש. צוויי שטובען, פריהער איז עס געוועזען דעם בעדערס דירה, דערנאָך האָט מען געמאַכט, דער בעדער זאָל יוצא זיין מיט איין שטוב און די צווייטע זאָל זיין אַ הקדש... בסך הכל ליעגען דאָרט, דאַכט זיך, דריי קראַנקע ווייבער. איינע, נעביך, איין אַלטע, אָבגענומענע פיס, און ליעגט איבער־אַנאַנד; אַ צווייטע — הענד אין פיס

אָבגענומען, און נאָך אַ משוגענע עגונה, דריי ווינקלען פער־
נעמען די בעטען, און פיערטען שטעהען קוימען־אויוען! און
מיטען האָב'מיר נאָך אַ טויטען־שטיבעל, טאָמער טרעפט זיך!

— איהר לאַכט פון מיר, ר' קרוב, — פאַל איך איהם
אין די רייד — עס איז דאָך ציאַחנאָוויקע! ציאַחנאָוויקע מיט איהר
מסחר, צדקות און מעשים טובים! פאַר וואָס זאָגט איהר: די טויטע
שטאָדט?

— ווייל איך מיין טאַקי די טויטע שטאָדט! איך רעד פון
אַ שטאָדט, וואָס באַלד אין דער התחלה, ווען זי האָט זיך געבויעט,
איז זי געהאַנגען אויף אַ האָר, און היינט, אַז די האָר האָט
זיך איבערגעריסען, הענגט זי אין דער לופט. אויף גאָר־
נישט האַלט זי זיך. און ווייל זי האַלט זיך אויף גאָר־נישט
און שוועבט אַרום אין לופט, איז זי געוואָרען אַ טויטע שטאָדט...
ווילט איהר, וועל איך אייך דערצעהלען, פאַר וואָס און
ווי אַזוי.

— אַדרבא... זעהר אינטערעסאַנט.

---

עס פאַלט דערווייל צו די נאַכט... דער הימעל ווערט אין
אַ זייט בלוטיג, פייערדיג; דאָרט געהט אונטער די זון. פון דער
צווייטער זייט דאַנגען, פון אַ קלאָרען, לייכטען נעפיל שווימט
אַרויס די לבנה, ווי אַ כלה'ס פנים פון אונטער אַ ווייסען שלייער.
די בלאַסע שטראַהלען, וואָס זי זייעט אויף איבער דער ערד,
ציטערן און מישען זיך אויס מיט די ציטערדיגע שאָטען פון דער
מרויעריג שטילער נאַכט...

עס ווערט אונהיימליך.

מיר פאָהרען אַריין אין אַ וועלדעל. דער לבנה'ס שטראַהלען
גנב'נען זיך צו אונז דורך די ציטעריגע בלעטער...

אונטען, צווישען אַראָבגעפאַלענע בלעטער און צווייגען,
טאַנצען אַרום קליינע ליכט־רעדלעך, ווי זילבערנע מטבעות,
עפּיס אַ כשוף שטעקט אין דער בעלייכטונג, אין שטיל־רוישענדיגען
וואַלד...

איך ווארף א בליק אויפ'ן אורח, ער האט שוין, דאכט זיך, גאר איין אנדער פנים... עס איז אזוי טרויעריג און ערנסט; דער בליק, דאכט זיך, איז אזוי עהרליך און פראסט...

זאל דאס אלץ אמת זיין?

הא... איך וועל הערען!

— פון דער ערשטער רגע אן — דערצעהלט דער יוד, — האט די שטאדט געהאנגען אויף א האר, ווייל מען האט זי באלד געשטעלט אויף איין ארט, וואו עס טאר, על פי דין, קיין יודישע שטאדט נישט זיין! ערשט, אז עס האט זיך צונויפגעזאמעלט דאס ערשטע מנין, האט מען געמאכט איין אסיפה... עס איז געבליבען, מען זאל זיך צורעכענען צו איינער פון די שטעדט אין דער סביבה. אויף דעם סמך האט מען דערווייל געבויעט א מקוה, א שוהל, דערנאך — א מרחץ, געקויפט נאך א שטיקעל ערד אויף א הייליג ארט...

און, אז מען האט שוין אלץ אבגעטהון, האט מען געשיקט שתדלנים, וואו אהין מען דארף, מען זאל דאס אלץ בעשטעטיגען...

— מיט'ן קאפ אראב?

— וואס געהט ביי אינז נישט אזוי? עס קען דען אנדערש זיין?...

— ווייס איך...

— סיי ווי סיי — א מעשה שהיה! און עס איז גאר־נישט אזוי קרום געוועזען ווי איהר מיינט...

געוועזען איז א יוד איין עושר, א גביר! דער גביר איז געוועזען, פערשטעהט איהר, ווי דער סדר עולם איז, א שטיקעל, און אפשר א שטיק קרוב למלכות... א תקיף... האט מען אלץ געמאכט אויף זיין נאמען: זיין שוהל, זיין מרחץ, זיין מקוה, — אפילו זיין הייליג ארט... פאליציע האט געשוויגען; איך זאג דאך אייך — א תקיף!

אז עס וועט קומען דאס פאפיער פון הויכען ארט, וועט ער איבערשרייבען אויף קהל, וועט אויפהערען דאס כאַ־יוהרץ געלד.

— אין דערנאָך האָט דער גביר געזאָגט: עלי כתיב?

— ניין, מיין ליעבער הארר, דעמאָלט זענען נאָך אזוינע גבירים אין דער מאָדע נישט געוועזען... מען האָט בכלל פון „עלי כתיב" נאָך נישט געוואוסט. נאָר הערט וואָס עס קען זיך פּאַסירען, וואָס עס מאַכט זיך אַמאָל אויף דער וועלט!

נישט דער גביר, נאָר דער שתדלן האָט אָנגעמאַכט די גרויסע צרה... אויפ'ן וועג, האָט ער זיך מישב געווען, און איז ענטלאָפען! מיט'ן געלד, מיט די פּאַפּירען... און איבער-געלאָזט דעם פּריש געבאַקענעם קהל, איין עגונה מיט לעבענדיגע יתומים...

— האָט מען געשיקט אַ צווייטען?

— אזוי געשווינד? איידער מען איז געוואָהר געוואָרען, אַז ער איז ענטלאָפען, איידער וואָס, איידער ווען, איז דערווייל דער גביר געשטאָרבען און איבערגעלאָזט, צווישען אַנדערע, אַ יורש אַ יתום קטן... פאַר 21 יאָהר טאָר ער דאָך נישט אָבשרייבען!

— איילט מען זיך נישט?

— געוויס... אַז ער וועט אַלט ווערען איינאונצוואַנציג יאָהר, וועט מען שיקען אַ נייעם שתדלן אַז אפשר צוויי...

— און מען האָט עס פערשריבען לזכרון אין פּנקס?...

— אָט! אָט!... האָט טאַקי דער פּנקס געדענקט און דער עולם פערגעסען!

טהייל זאָגען, אַז דער פּנקס איז פערברענט געוואָרען: דער גבאי האָט געהאַלטען דעם פּנקס און הבדלה געמאַכט, אונ-טערגעצונדען אַ ביסעל בראָנפען און ואיננו...

קהל דערווייל, קיין עין הרע, וואַקסט; יודעלעך, ברוך השם, מעהרען זיך. עס קומען צו פון אַנדערע קהלות אויך: דער ברענגט איין איידעם, דער אַ שנור, מיט איין וואָרט עס צעוואַקסט זיך. און, ווי להכעים, דעם גביר'ס יורשים פאַלען! די אלמנה האָט חתונה און פאָהרט אָב, איין זוהן נאָכ'ן צווייטען זוכען פרנסה אין דער פרעמד... אויף שבעה ימים זיך צו-לאָפען. געבליבען איז נאָר דער יתום קטן... קהל מאַכט איהם

איין אַפּוטרופּס, מאַכט איהם חתונה, גיט איהם צו אַ געניטען שותף —

— דער מאַכט איהם אויס איין אויער!

— כדת משה וישראל!

און צרות האָט ער פון שותף, גרעסערע פון ווייב; אַ פאַלשע וועקסעלע האָט ער אויך אונטערגעשריעבען, מאַכט ער אויך פּליטה... אַ גרויסער באַנקראָט... היימישע, פרעמדע, עס ווערט אַ געוואַלד, אַ געריויש, עס שפּאַרט אָן אין סאָנד, עס קומט אַ קאָמאָרניק... געלד איז נישט געוועזען, מטלטלין האָט דאָס ווייב בעהאַלטען, — נעמט זיך דער קאָמאָרניק צו דער שוהל מיט'ן בית עלמין!

אַ דונער האָט אַריינגעשלאָגען אין שטעדטיל! אַ דונער פון ריינעם הימעל אָהן אַ פּיצעל וואָלקען, דען, פערשטעהט איהר, דאָס אַלץ איז געוועזען ביז דער לעצטער רגע בסוד סודות...

פּלוצים, גאָר פלוצים, אויף אַמאָל איז מען געוואָהר גע-וואָרען, אַז קהל הענגט, ווי איך האָב אייך געזאָגט, אויף אַ האָר!

וואָס בלייבט צו טהון? פאָהרט מען צו אַדוואָקאַטען... וואָס קענען זיי ראַטהען אין אַזאַ פאַל? מען זאָל צולאָזען אַ ליציטאַציע, דער קאָמאָרניק זאָל אַלץ פערקויפען, און קהל זאָל אָבקויפען! וועט קאָסטען, וועט קאָסטען! קהל איז דאָך אָבער דערווייל נאָך קיין קהל נישט, מען האָט דאָך די פּאַפּירען פערלוירען אויפ'ן וועג? זאָל מען אויפשטעלען איין אַנדערן גביר, און אויף זיין נאָמען קויפען. דער עיקר — מען זאָל נישט וואַרטען, ביז דער גביר וועט, חס ושלום, אָבקומען אָדער אַוועקקומען. רחמנא ליצלן,

אין פלוג, דאַכט זיך, נישט קיין שלעכטע עצה... היזק האָבען געלד איז קהל געוועהנט... איז אָבער שוין דעמאָלט געוועזען נישט איין גביר, נאָר עטליכע! שתדלנים — גאָר אַ מאַסע! אויף וועמען זאָל מען פערשרייבען? וועמען נעמט מען פאַר אַ שתדלן? אַלע ווילען, אַלע קענען זיך בעלייריגען... — מאַכט מען איין אַסיפה און מען קלעהרט... און קלערען קלערט

מען אַזוי לאַנג, ביז עס ווערט אַ מחלוקת. און ביי אונז, אַז עס מאַכט זיך אַ מחלוקת, הערט עס אַזוי געשווינד נישט אויף... אַמאָל דאַכט זיך — אָט, שוין שלום, דאָס פייער זינקט איין, נאַ דיר! קומט אַ שלום־מאַכער און גיסט צו בוימעל, פלאַקערט ווייטער אויף, און — עד היום הזה!

דער יוד ווישט זיך אָב דעם בלאַסען שטערן און דער צעהלט ווייטער:

— דערווייל איז געשעהן אַ מעשה, טאַקי — מויל און אויערן אויפצושטעלען! כמעט נישט צו גלויבען...

— נאָר, — גיט ער צו מיט אַ שמייכעל — עס איז דאָך נאַכט און די חיה וואָס שפּאַציערט ביי נאַכט אין הימעל (ער ווייזט אויף דער לבנה) הייסט „אמונה"... ביי נאַכט, בפרט אין אַזאַ שטילע נאַכט, לאָזט זיך אַלץ גלייבען...

— געוויס, בין איך איהם נישט ווילענדיג מודה.

— און די מעשה איז טאַקי אַ שרעקליכע.

דער קאַמאַרניק האָט אַרויפגעשטעלט אַ פוס אויפ'ן הייליגען אָרט... די מתים דערהערען, ווערען, אַ פּנים, ביי... עס רוקען זיך אָב מצבות פון קברים... די מתים קומען אַרויס... איהר גלויבט?

— איך בין, חס ושלום, — זאָג איך, — קיין אפיקורס נישט; אין השארת הנפש גלויב איך... נאָר...

— וואָס „נאָר", רב קרוב, וואָס „נאָר"?

— איך האָב געמיינט, אַז נאָר די נשמה בלייבט... די נשמה, וואָס פליהט אין הימעל אַריין; אָבער דער גוף, וואָס געהט אין קבר אַריין, דער גולם, דער פוילט... סיי ווי סיי, אָהן דער נשמה, ריהרט ער זיך נישט... קען נישט אויפשטעהן...

— גוט געזאָגט, — לויבט מיך דער יוד — אויף מיר אַזאַ יאָהר!

איך האָב, — זאָגט ער ווייטער, — הנאה, אַז איהר זענט אַ יודע ספר... דאָך, פערגעסען האָט איהר, ר' קרוב, אָן עולם הדמיון פערגעסען! די נשמה, זאָגט איהר, געהט אין הימעל אַריין... גוט... נאָר וואו אַהין געהט זי? איינע אין גן עדן, די צווייטע אין גיהנם אַריין... אין גן עדן אַריין געהט די נשמה פון צדיק, אין גיהנם אַריין די נשמה פון רשע! דעם קומט פאַר זיין גוטס —

לויתן, שור הבר, יין המשומר... און יענעם, פאַר זיין רשעות — הייסע סמאָלע... עס רעדט זיך נאָר אַזוי! גאָר דאָס הייסט: שכר ועונש. פאַר וואָס קומט שכר ועונש? ווייל אַ מענש, כל זמן ער לעבט, האָט אַ ברירה. וויל ער — טהוט ער גוטס, וויל ער — טהוט ער שלעכטס, און, אַזוי ווי ער בעט זיך אויס, אַזוי, האַ? שלאָפט ער...

ווי איז אָבער דער דין, אַז אַ מענש איז קיין מענש נישט, זיין לעבען איז קיין לעבען נישט, און טהוט נישט, נישט קיין גוטס, נישט קיין שלעכטס, ווייל ער קען נישט טהון, ער האָט קיין ברירה נישט צו טהון און פערשלאָפט אַ לעבען, און קומט עס איבער ווי אין איין עולם הדמיון? וואָס קומט אַזאַ נשמה? גיהנם? פאַר וואָס? זי האָט קיין פליעג אויף דער וואַנד נישט געטויט... גן עדן? פאַר וועלכער דרשה, זי האָט קיין האַנד אין קאַלט וואַסער אריין נישט געטהון...

— וואָס ווערט טאַקי פון אַזאַ נשמה?

— גאָר נישט! זי לעבט ווייטער אין עולם הדמיון... זי שיידט זיך נישט אָב פון גוף... נאָר פריהער האָט זיך דעם בעל דבר געחלומט, אַז ער לעבט, אויף דער ערד, און היינט חלומט זיך איהם, אַז ער לעבט, אין דער ערד!

אין אונזער שטעדטיל איז כמעט קיינער קיינמאָל נישט רעכט געשטאָרבען, ווייל עס האָט קיינער נישט רעכט געלעבט! נישט קיין גוטע, נישט קיין שלעכטע; קיין רשעים, קיין צדיקים... פשוטע שלאָף-מיצלעך אין עולם הדמיון... לעגט זיך אַזאַ שלאָף-מיצעל אין קבר אריין, בלייבט עס שלאָף-מיצעל נאָר אין איין אַנדערע דירה, — ווייטער נישט...

דריבער איז דאָס גאַנצע שטאַרבען ביי אונז אַ ריינע קאָמעדיע! דען, אַפילו ביים לעבען, לעגט עמיצען אַ פעדער אונטער דער נאָז, וועט ער זי אַוועקיאָגען? און אַ איינגענעסענע פליעג טרייבט ער אַוועק? גלאַט, מען ווערט פטור פון אַ פיערטער ציצה, מען איז יוצא מיט דריי, צי מיט פיער פסול'ע, ווי ערגיץ אַ מנהג איז! אויך ווערט מען לויז פון דאגת פרנסה... אָבער ווייטער?

דער זעלבער חלום, דער איינענער עולם הדמיון... אין אַ סך שטעדט איז אַזוי... און, עס טרעפט ערגיץ, ווי ביי אונז האָט געטראָפּען, אַז אַ מת קריכט אַרויס פון אַ קבר, הויבט ער נאָר נישט אָן צו געדענקען, אַז ער האָט אַמאָל ודוי געזאָגט, גענוססט און איז געשטאָרבען... קוים פאַלען איהם, ביים אויפהויבען, די שערבעלעך אַראָב פון די אויגען, געהט ער גלייך אין בית המדרש, אין מרחץ אַריין, צו אַהיים עסען קוילישע... ער ווייסט פון גאָרנישט!

איך וויים נישט צי די לבנה איז שולדיג צי איך אַליין בין עפּיס געוועזען נישט ווי אַלע מאָל, — איך הער, גלויב, און פרעג נאָך:

— נו, זענען אַ ל ע, אַלע מתים אויפגעשטאַנען...

— ווער ווייסט? מען פיהרט עפּיס ביכער? אפשר זענען געוועזען שטילע אַפּיקורסים וואָס האָבען געקלערט, אַז עס איז תחית המתים, און זענען, להכעים, געבליבען ליעגען... [illegible]ר אַ קהל מתים, איין עדה איז אויפגעשטאַנען! אויפגעשטאַנען און ענטלאָפען פאַר׳ן קאַמאָרניק אין נאָהנטען וואַלד אַריין.

— פאַר וואָס אין וואַלד אַריין?

— אין שטאָדט אַריין האָבען זיי נישט געקאָנט... עס איז דאָך געוועזען ביי טאָג, און על פּי דין, טאָר מען זיך נישט ווייזען ביי טאָג אין תכריכים... אַ שטאָדט מיט מעוברת׳ע ווייבער... זיי קענען זיך נאָך, חס ושלום, פערקיקען און געווינען גרייטע מתים...

— רעכט... און דער קאַמאָרניק...

— איהר פרעגט אויף איין ערל... ער האָט נישט געזעהן אַ וואָרט... אפשר שכור געוועזען... גאָרנישט... ער האָט זיינס געטהון, פערשריבען...

— און פערקויפט?

— נאָך נישט... דערווייל איז נאָך קיין קונה נישט דאָ...

— און די מתים?

— אָט... די מתים!

———

ער רוהט זיך אָב אַ רגע און דערצעהלט ווייטער:

— קוים איז צוגעפאַלען די נאַכט, זענען די מתים צוריק אין שטאָדט אַריין... יעדערער געהט צו זיך אַ היים, גנב'עט זיך אַריין דורך אַ טהיר, אַ פענסטער, צי דורך אַ קוימען... חאַפּט זיך צו צו דעם אַלמער... אַרויסגענומען מלבושים, אָנגעטהון זיך, אָבגעגענעצט, און געלעגט זיך וואו עס איז שלאָפען...

צומאָרגענס איז שוין געוועזען אַ פולע שטאָדט מתים...

— און די לעבענדיגע האָבען געשוויגען?

— מען האָט עס נישט בעמערקט!... פערנומען געוועזען מיט מחלוקת... יעדען איז דער קאָפּ פערדרעהט, אַלע פער־יאַחמערט! און צוריק געשמועסט, ווי אַזוי דערזעהט מען עס אַ חלוק צווישען אַ לעבענדיגען מיט אַ בר מנן אהן תכריכים? עס איז נישט אַזוי לייכט!

אַז אַ זוהן האָט דעם פאָטער דערזעהן, האָט ער דריי מאָל אויסגעשפּיגען: פּו, פּו, פּו, „און מיר האָט זיך געחלומט, אַז איך האָב קדיש געזאָגט, ירושה גענומען... אַלע בייזע חלומות צו מיינע שונאים'ס קעפּ!"

איין אַלמנה דערזעהט איהר מאַן, וואַרפט זי איהם אַריין אַ מתנת־יד, גענאַרט האָט ער זי, דער עכבררש... חוזק מאַכט ער! און זי, אַ נאַרישע יודענע, האָט איהם נאָך נייע תכריכים געמאַכט!

— און אַז זי האָט דערווייל חתונה געהאַט?

— ווער חתונה געהאַט? אין מחלוקת האָט מען אונטער־געצונדען און פערברענט די שוהל, מיט'ן בית המדרש מיט דער חופה... הכל כאשר לכל... דערביי זענען כמעט אַלע געוועזען „פּאָדסוד"...

— און וואָס ווייטער?

— גאָר נישט... די מתים זענען לעבענדיג געוואָרען, די לעבענדיגע האָבען אָנגעהויבען אויסצושטאַרבען, פון ענגעניש, פון דער לופט... דער עיקר, פאַר הונגער...

— אַ הונגער איז געווען?

— ווי ערגיץ! ביי אונז יאָ... די מתים האָבען זיך גע־זעצט אויף זייערע ערטער אין מנינים און אויף זייערע ערטער אין דערהיים ביי דער שיסעל אויך... מען האָט נישט גע־וואוסט, נאָר עס האָבען פלוצים לעפעל פערפעהלט. — פון איין שיסעל עסט מען, האָט פערפעהלט לעפעל... אַ בעל־הבית'טע ווייסט, אַז זי האָט אַזוי פיעל לעפעל ווי מענשען... קלערט זי, אַ גנבה! פרומע זאָגען: אַ כשוף... נאָר, אַז מען ווערט געוואָהר, אַז אומעטום פעהלט און אַז דאָס עסען געניגט נישט,— האָט מען שוין געזאָגט: אַ הונגער־יאָהר און מען האָט געהונ־גערט, און מען הונגערט נאָך...

---

און אין אַ קורצע צייט האָבען די מתים גובר געוועזען די לעבענדיגע... זיי זענען היינט קהל און פיהרען קהל! זיי זענען נישט פרה וברה, דאָס נישט, נאָר אַז עמיץ שטאַרבט, גנב'נען זיי איהם אַראָב פון דער מטה, נעמען אַרויס פון קבר און עס געהט נאָך אַ מת אַרום אין שטאָדט...

און וואָס פעהלט זיי? זאָרגען, זאָרגען זיי נישט, פאַר'ן טויט — קיין פחד נישט... עסען עסט מען אַבי אַ ברכה צו מאַכען, בענטשען צו קענען... אָבער מען דאַרף עס נישט, מען בענקט נישט דערצו, הוא הדין — טרינקען... הוא הדין וואָהנען; הונדערט מתים קענען וואָהנען אין איין שטוב, — מען דאַרף קיין לופט נישט!

און מען האָט קיין צער נישט! דען פון וואַנען האָט אַ מענש צער, פון וויסען — יוסף דעת יוסף מכאוב, אַ בר מנן — זיין דאגה! ער וויל נישט וויסען און דאַרף נישט וויסען... שלעפט זיך אַרום אין עולם הדמיון...

זיי האַלטען זיך דעריבער טאַקי פון דערוויייטענס פון אַלע לעבענדיגע זאַכען... זיי האָבען קיין שאלות, קיין ספקות, קיין האַרץ־וועהטאָג, עס פוילט קיינעם קיין לעבער נישט!

---

— ווער מיינט איהר איז ביי אונז רב? אַ מאָל איז געוועזען אַ לעבענדיגער מענש, אַ טהוער; היינט אַ בר מנן! געהט אַרום אויפ׳ן עולם הדמיון און זאָגט נאָך דעם חיי אדם ווי פון אַ חלום אַרוים...

ווער זענען די דיינים זיינע? זיינס גלייכען... האַלב פערפוילטע מתים...

און די לייט פּסקנען שאלות פאַר לעבענדיגע ווי פאַר טויטע; אַלץ ווייסען זיי, אַלץ טהוען זיי... זיי מאַכען ברכה, זיי געהען מיט מציצה, זיי בענשען חתן־כלה...

ווער שטעלט זיך פאַר׳ן עמוד? אַ מת! אַ זקן ורגיל אַ מת! ער האָט אַ פנים פון אַ מת, אַ קול פון אַ מת; עס טרעפט, אַ היאָהן גיט פלוצים אַ קריי — ענטלויפט ער אַוועק פון עמוד!

און די גבירים, די בעלי טובות, רעדעל־פיהרער, קהל־פערזאָרגער, דאָס גאַנצע קלאַפּערנעצייג וואָס איז? טויטע, לאַנג געשטאָרבענע, לאַנג בעגראָבענע!

אין דעריבער איז אַזאַ עפּוש אין שוהל, אין באָד, אין גאַס... סאַמע מתים...

— און איהר, רב קריב, איהר וואָס זענט?

— איך? איך בין האַלב טויט. ענטפערט דער יוד. —

ער שפּרינגט אַראָב פון וואָגען און ווערט נעלם צווישען די ביימער...

# באַנציע שוויַג.

דאָ! אויף דער וועלט, האָט באָנציע שוויַיג'ס טויט גאָר קיין אײַנדרוק נישט געמאַכט! פרעגט עמיצען בחרם: יוער באָנציע איז געווען, ווי אַזוי ער האָט געלעבט, אויף וואָס ער איז געשטאָרבען! צי האָט אינ'ם דאָס האַרץ געפּלאַצט, צי די כחות זענען איהם אויסגעגאַנגען, צי דער מאַרך-ביין האָט זיך איבערגעבראָכען אונטער אַ שווערער לאַסט... ווער ווייסט? אפשר איז ער גאָר פאַר הונגער געשטאָרבען!

אַ פערד אין טראַמוויי זאָל פאַלען, וואָלט מען זיך מעהר אינטערעסירט. עס וואָלטען צייטונגען געשריבען, הונדערטער מענשען וואָלטען פון אַלע גאַסען געלאָפען און די נבלה בע-קוקט; בעטראַכט אפילו דעם אָרט, וואו די מפּלה איז געווען...

נאָר דאָס פערד אין טראַמוויי וואָלט אויך די זכיה נישט געהאַט, עס זאָל זיין אַזוי פיעל פערד ווי מענשען — טויזענד מיליאָן!

באָנציע האָט שטיל געלעבט און איז שטיל געשטאָרבען; ווי אַ שאָטען איז ער דורך — דורך אונזער וועלט!

אויף באָנציעס ברית האָט מען קיין ווייַן נישט געטרונקען, עס האָבען קיין כוסות געקלונגען! צו בר-מצוה האָט ער קיין קלינגענדיגע דרשה נישט געזאָגט... געלעבט האָט ער ווי אַ גראָה קליין קערנדעל זאַמד ביי'ם ברעג פון ים. צווישען מיליאָנען זיינס-גלייכען; און, אַז דער ווינד האָט'ן אויפגעהויבען און אויף דער אַנדערער זייט ים אַריבערגעיאָגט, האָט עס קיינער נישט בעמערקט!

ביים לעבען האט די נאסע בלאטע קיין צייכען פון זיין בוים נישט בעהאלטען? נאכ'ן טויט — האט דער ווינד דאס קליינע ברעטעל פון זיין קבר אומגעוואָרפען; דעם קברן'ס ווייב האט עס געפונען ווייט פון קבר און דערביי א טעפעל קארטאָפעל אָבגעקאָכט... עס איז דריי טעג נאָך באנציעס טויט, פרעגט דעם קברן בחרם, וואו ער האט'ן געלעגט!

וואָלט באָנציע א מצבה געהאט, וואָלט אפשר איבער הונדערט יאָהר איין אַלטערטהומס־פאָרשער זי געפונען, און דער נאָמען „באָנציע שוויג" וואָלט נאָך אַמאָל איבערגעקלונגען אין אונזער לופט.

אַ שאָטען! זיין פאָטאָגראַפיע איז נישט געבליבען ביי קיינעם אין מח, ביי קיינעם אין האַרץ; עס איז פון איהם קיין זֵכֶר געבליבען!

„קיין קינד, קיין רינד"; עלענד געלעבט — עלענד געשטאָרבען!

ווען נישט דאס מענשליכע גערודער, וואָלט אפשר עמיצער אַמאָל דערהערט ווי באָנציעס מאַרך־ביין האט אונטער דער לאַסט געקנאַקט; וואָלט די וועלט מעהר צייט געהאַט, וואָלט עמיצער אפשר אַמאָל בעמערקט, אַז באָנציע (אויך אַ מענש) האט לעבענדיגערהייט צוויי אויסגעלאָשענע אויגען און שרעקליך איינגעפאַלענע באַקען; אַז אַפילו ווען ער האט גאָר שוין קיין לאַסט נישט אויף די פלייצעס, איז איהם אויך דער קאָפּ צו דער ערד געבויגען, גלייך ער וואָלט לעבענדיגערהייט זיין קבר געזוכט! וואָלטען אַזוי ווייניג מענשען ווי פערד אין טראַמוויי געוועזען, וואָלט אפשר אַמאָל עמיצער געפרעגט: וואו איז באָנציע אַהין־געקומען?!

ווען מען האט באָנציען אין שפּיטאָל אריין־געפיהרט, איז זיין ווינקעל אין סוטערינע נישט לעדיג געבליבען — עס האָבען דערויף צעהן זיינס־גלייכען געוואַרט, און צווישען זיך דעם ווינקעל „אין־פּלוס" ליציטירט; ווען מען האט'ן פון שפּיטאָל־בעט אין טויטען־שטיבעל אַריין־געטראָגען האָבען אויפ'ן בעט צוואַנציג אָרעמע קראַנקע געוואַרט... ווען ער איז אַרויס פון טויטען־שטיבעל

— האָט מען צוואַנציג הרוגים פון אונטער איין אײנגעפאַלען הויז געבראַכט — — ווער ווייסט ווי לאַנג ער וועט רוהיג וואהנען אין קבר? ווער ווייסט וויפיעל עס וואַרטען שוין אויף דעם שטיקעל פלאַץ...

שטיל געבוירען, שטיל געלעבט, שטיל געשטאָרבען און נאָך שטילער בעגראָבען.

. . . . . . . . . . . . . . . . .

נאָר נישט אַזוי איז געוועזען אויף יענער וועלט! דאָרטען האָט באָנציעס טויט אַ גרויסען איינדרוק געמאַכט!

דער גרויסער שופר פון משיח'ס צייטען האָט געקלונגען אין אַלע זיעבען הימלען: באָנציע שוויינ איז נפטר געוואָרען! די גרעסטע מלאכים מיט די ברייטסטע פליגעל זענען געפלויגען און איינער האָט דעם אַנדערן איבערגעגעבען: באָנציע איז „נתבקש געוואָרען בישיבה של מעלה"! אין גן עדן איז אַ רעש, אַ שמחה, אַ געריודער: „באָנציע שוויינ! אַ שפּאַס באָנציע שוויינ!!!"

יונגע מלאכים'לעך מיט בריליאַנטענע אויגעלעך, גאָלדענע דראָט־אַרבייטענע פליגעלעך און זילבערנע פאַנטאָפעלעך זענען באָנציען אַקעגען געלאָפען מיט שמחה! דער גערויש פון די פליגעל, דאָס קלאַפּען פון די פאַנטאָפעלעך און דאָס פרעהליכע לאַכען פון די יונגע, פרישע, רויזיגע מוילעכלעך האָט פערפולט אַלע הימלען און איז צוגעקומען ביז צו'ם כסא הכבוד, און גאָט אַליין האָט אויך שוין געוואוסט, אַז באָנציע שוויינ קומט!

אברהם אבינו האָט זיך אין טויער פון הימעל געשטעלט, די רעכטע האַנד אויסגעשטרעקט צום ברייטען „שלום עליכם" און אַ זיסער שמייכעל שיינט אַזוי העל אויף זיין אַלטען פנים!

וואָס רעדעלט אַזוי אין הימעל?

דאָס האָבען צוויי מלאכים אין גן עדן אַריין פאַר באָנציעס וועגען אַ גינגאָלדענע פאַטערשטוהל אויף רעדלעך געפיהרט!

וואָס האָט אַזוי העל געבליצט?

דאָס האָט מען דורכגעפיהרט אַ גאָלדענע קרוין מיט די טהייערסטע שטיינער געזעצט! אַלץ פאַר באָנציען!

— נאָך פאַר'ן פסק פון בית דין של מעלה? פרעגען די צדיקים פערוואונדערט און נישט גאָר אָהן קנאה.

— אָה! ענטפערן די מלאכים, דאָס וועט זיין אַ פראָסטע פוסטע פאָרמע! גענען באָנציע שווייג וועט אפילו דער קטיגור קיין וואָרט אין מויל נישט געפינען! די „דיעלע" וועט דויערן פינף מינוט!

— איהר שפּיעלט זיך מיט באָנציע שווייג? —

---

אַז די מלאכים'לעך האָבען באָנציען געחאַפּט אין דער לופט און אָבגעשפּיעלט איהם אַ זמר; אַז אברהם אבינו האָט איהם ווי איין אַלטען קאַמעראַד די האַנד געשאָקעלט; אַז ער האָט גע-הערט, אַז זיין שטוהל איז גרייט אין גן־עדן; אַז אויף זיין קאָפּ וואַרט אַ קרוין; אַז אין בית־דין של מעלה וועט מען איבער איהם קיין וואָרט נישט רעדען — האָט באָנציע, גלייך ווי אויף יענער וועלט, געשוויגען פאַר שרעק! עס איז איהם דאָס האַרץ ענטגאַנגען! ער איז זיכער, אַז דאָס מוז זיין אַ חלום, אָדער אַ פראָסטער טעות!

ער איז צוביידע געוואוינט! נישט איינמאָל האָט איהם אויף יענער וועלט גע'חלומ'ט, אַז ער קלויבט געלד אויף דער פּאָדלאָגע, גאַנצע אוצרות ליעגען... און אויפגעחאַפּט האָט ער זיך נאָך אַ גרעסערער קבצן ווי נעכטען... נישט איינמאָל האָט איהם עמיץ פער טעות צוגעשמייכעלט, אַ גוט וואָרט געזאָגט און איבערגעדרעהט זיך און אויסגעשפּיגען...

— מיין מזל — טראַכט ער — איז שוין אַזוי!

און ער האָט מורא די אויגען אויפצוהויבען, דער חלום זאָל נישט פערשווינדען; ער זאָל זיך נישט אויפחאַפּען ערגיץ אין אַ הייל צווישען שלאַנגען און עגדיסען! ער האָט מורא פון מויל אַ קלאַנג ארויסצולאָזען, מיט אַ גליעד אַ ריהר צו טהון —

מען זאָל איהם נישט דערקענען און אַוועקשליידערן אויף כּף־הקל *)...

ער ציטערט און הערט נישט די מלאכים'ס קאָמפּלימענטען, זעהט נישט זייער טאַנצען ארום איהם. ער ענטפערט נישט אברהם אבינו אויפ'ן הערצליכען „שלום עליכם", און — געפיהרט צו'ם בית־דין של מעלה — זאָגט ער איהם קיין „גוט־מאָרגען" נישט...

אויסער זיך איז ער פאַר שרעק!

און זיין שרעק איז נאָך גרעסער געוואָרען, אַז ער האָט, נישט ווילענדיג, דערזעהן די פּאָדלאָגע פון בית־דין של מעלה. פּאַמע אַלאַבאַסטער מיט בריליאַנטען! „אויף אַזאַ פּאָדלאָגע שטעהען מיינע פיס!" — ער ווערט אין גאַנצען פערשטאַרט! „ווער ווייסט וועלכען גביר, וועלכען רב, וועלכען צדיק מען מיינט... ער ויצאַט קומען — וועט זיין מיין פינסטערער סוף!"

פאַר שרעק האָט ער אפילו נישט געהערט ווי דער פּרע־זעס האָט בפירוש אויסגערופען: „די דיעלע פון באָנציע שוויינ!" און, דערלאַנגענדיג דעם מליץ יושר די אַקטען, געזאָגט: „לעז, נאָר בקצור!"

מיט באָנציען דרעהט זיך דער גאַנצער סאַלאָן. עס רוישט איהם אין די אויערן. אינ'ם גערויש הערט ער דאָך אַלע מאָל שאַרפער און שאַרפער דעם מלאך־מליץ'ס זיס קול ווי אַ פידעל:

— זיין נאָמען — הערט ער — האָט איהם געפּאַסט ווי צו'ן אַ שלאַנק לייב אַ קלייד פון איין אַרטיסט אַ שניידערס האַנד.

— וואָס רעדט ער? — פרעגט זיך באָנציע, און ער הערט ווי איין אומגעדולד קול האַקט איהם איבער און זאָגט:

— נאָר אָהן משלים!

— ער האָט זיך קיינמאָל — הויבט ווייטער אָן דער מליץ יושר — אויף קיינעם נישט געקלאָגט, נישט אויף גאָט, נישט

---

*) כּף הקלע.

אויף לייט; און זיין אויג האָט קיינמאָל נישט אויפגעפלאַמט קיין פונק פון האַס, ער האָט עס קיינמאָל נישט אויפגעהויבן מיט אַ פּרעטענזיע צום הימעל.

באָנציע פערשטעהט ווייטער נישט אַ וואָרט, און דאָס האַרטע קול שלאָגט ווייטער איבער:

— אָהן רעטאָריק!

— איוב האָט נישט אויסגעהאַלטען. ער איז אומגליקליכער געוועזען — —

— פאַקטען, טרוקענע פאַקטען! רופט נאָך אומגעדולדיגער דער פּרעזעס.

— צו אַכט טאָג האָט מען איהם מל געוועזען —

— נאָר אָהן רעאַליזם!

— אַ מוהל אַ פּושער האָט דאָס בלוט נישט פערהאַלטען —

— ווייטער!

— ער האָט אַלץ געשווינגען (פיהרט ווייטער דער מליץ יושר) אפילו ווען די מוטער איז איהם געשטאָרבען און ער האָט צו דרייצעהן יאָהר אַ שטיפמאַמע בעקומען... אַ שטיפמאַמע אַ שלאַנג, אַ מרשעת...

— מיינט מען דאָך אפשר פאָרט מיך? טראַכט באָנציע —

— אָהן אינסוניאַציען *) אויף דריטע פערזאָנען, בייזערט זיך דער פּרעזעס.

— זי פלעגט איהם קאַרגען דעם ביסען... אייער־נעכטיג פערשימעלט ברויט... האָר־פלאַקס פאַר פלייש... און זי האָט קאַווע מיט שמעטענע געטרונקען—

— צו דער זאַך! שרייט דער פּרעזעס.

— זי האָט איהם פאַר דאָס קיין נעגעל נישט געקאַרגט און זיין ברוין־און־בלאָה לייב פלעגט אַרויסקוקען דורך אַלע לעכער פון זיינע פערשימעלט־צוריסענע קליידער... ווינטער אין די גרעסטע פרעסט האָט ער איהר באָרוועס אויפ'ן הויף האָלץ געהאַקט, און די הענד זענען צו יונג און צו שוואַך געוועזען, די

*) מלשינות.

קלעצלעך צו דיק, די האַק צו שטומפּיג... נישט איינמאל האָט ער זיך די האַנד פון די גלענקען אויסגעריסען, נישט איינמאָל האָט ער זיך די פיס אָבגעפרוירען, נאָר געשוויגען האָט ער, אפילו זיך פאַר'ן פאָטער —

— פאַר'ן שכור! לאַכט אריין דער קטיגור, און באָנציען ווערט קאַלט אין אַלע אברים —

— נישט געקלאָגט, ענדיגט דער מליץ יושר דעם זאַץ.

— און שטענדיג עלענד — פיהרט ער ווייטער — קיין חבר, קיין תלמוד תורה, קיין חדר... קיין גאַנץ בגד... קיין פרייע מינוט —

— פאַקטען — רופט ווייטער דער פרעזעס.

— ער האָט געשוויגען אפילו שפּעטער, ווען דער פאָטער האָט'ן, שכור'ערהייט אַמאָל אָנגעכאַפּט ביי די האָר און אין מיטען אַ שנייענדיגער ווינטער-נאַכט אַרויסגעוואָרפען פון שטוב! ער האָט זיך שטיל אויפגעהויבען פון שניי און איז ענטלאָפען וואו די אויגען האָבען איהם געטראָגען...

אויפ'ן גאַנצען וועג האָט ער געשוויגען... ביי'ם גרעסטען הונגער האָט ער נאָר מיט די אויגען געבעטעלט!

ערשט אין אַ שווינדעלדיגע, נאַסע פריהלינג-נאַכט, איז ער אין אַ גרויסע שטאָדט אַריין-געקומען; ער איז אַריין ווי אַ טראָפּען אין אַ ים און דאָך האָט ער די איינענע נאַכט אין אַרעסט פערבראַכט... ער האָט געשוויגען, נישט געפרעגט פאַר וואָס, פאַר ווען? ער איז אַרויס און די שווערסטע אַרבייט געזוכט! נאָר ער האָט געשוויגען!

שווערער פאַר דער אַרבייט איז געוועזען זי צו געפינען — ער האָט געשוויגען!

באָדענדיג זיך אין קאַלטען שוויים, צוזאַמען-געדריקט אונטער דער שווערסטער לאַסט, ביים גרעסטען קראַמפּף אין לעדיגען מאָגען — האָט ער געשוויגען!

בעשפּריצט פון פרעמדער בלאָטע, בעשפּיגען פון פרעמדע מיילער, געיאָגט פון טראָטואַרען מיט דער שווערסטער לאַסט

אַראָב אין גאַסען צווישען דראָשקעס, קאַרעטען און טראַמוויים, קוקענדיג יעדע מינוט דעם טויט אין די אויגען אַריין—האָט ער געשוויגען!

ער האָט קיינמאָל נישט איבערגערעכענט, וויפיעל פוד לאַסט עס קומט אויס אויף אַ גראָשען, וויפיעל מאָל ער איז געפאַלען ביי יעדען גאַנג פאַר אַ דרייער, וויפיעל מאָל ער האָט שיער נישט די נשמה אויסגעשפּיגען, מאַהנענדיג זיין פערדיענסט; ער האָט נישט גערעכענט, נישט זיין, נישט יענעמס מזל, נאָר געשוויגען!

זיין אייגען פערדיענסט האָט ער אויך נישט הויך געמאַהנט! ווי אַ בעטלער האָט ער זיך ביי דער טהיר געשטעלט, און אין די אויגען האָט זיך אַ הינטישע בקשה געמאָלט! „קום שפּעטער" און ער איז פערשוואונדען שטיל ווי אַ שאָטען, כדי שפּעטער נאָך שטילער אויסצובעטלען זיין פערדיענסט!

ער האָט אַפילו געשוויגען, ווען מען פלעגט איהם אָברייסען פון זיין פערדיענסט אָדער אַריינוואַרפען א פאַלשע מטבע!..

ער האָט אַלץ געשוויגען ...

— מיינט מען דאָך טאַקי מיך! טרייכט זיך באָנציע

---

— איינמאָל — פיהרט ווייטער דער מליץ יושר נאָך אַ טרונק-וואַסער — איז אין זיין לעבען איין ענדערונג געשעהן... עס איז דורכגעפלויגען אַ קאָטש אויף גומענע רעדער מיט צופלאָשעטע פערד... דער שמייסער איז שוין לאַנג פון ווייטענס געלעגען מיט אַ צושפּאַלטענעם קאָפּ אויפ'ן ברוק... פון די דערשראָקענע פערדס מיילער שפּריצט דער שוים, פון אונטער די פּאָדקאָוועס יאָגען זיך פונקען, די אויגען בלישציען ווי ברענענדיגע שטורקאַצען אין אַ פינסטערער נאַכט — און אין קאָטש זיצט נישט טויט נישט לעבענדיג אַ מענש!

און באָנציע האָט די פערד פערהאַלטען!

און דער גערעטעוועטער איז געוועזען אַ יוד אַ בעל צדקה און האָט באָנציען די טובה נישט פערגעסען!

ער האָט איהם דעם געהרג'טענם בייטש איבערגעגעבען;
באָנציע איז אַ שמייסער געוואָרען! נאָך מעהר — ער האָט איהם חתונה געמאַכט, נאָך מעהר — — ער האָט איהם אַפּילו מיט אַ קינד פערזאָרגט —

און באָנציע האָט אַלץ געשוויגען!

— מיך מיינט מען, מיך! בעפעסטיגט זיך באָנציע אין דער דעה, און האָט דאָך נישט די העזה איין אויג צו וואַרפען אויפ'ן „בית־דין של מעלה” ...

ער הערט זיך ווייטער איין צו'ם מלאך מליץ:

— ער האָט געשוויגען אַפּילו ווען זיין בעל טובה האָט אין קורצען באַנקראָטירט און איהם זיין לוין נישט בעצאָהלט...

ער האָט געשוויגען אַפּילו ווען דאָס ווייב איז פון איהם ענטלאָפען און איבערגעלאָזט איהם אַ קינד פון דער ברוסט...

ער האָט געשוויגען אַפּילו מיט פונפצעהן יאָהר שפּעטער, ווען דאָס קינד איז אויפגעוואַקסען און געווען שטאַרק גענוג — באָנציען אַרויסצוּוואַרפען פון שטוב...

— מיך מיינט מען, מיך! פרעהט זיך באָנציע

---

— ער האָט אַפּילו געשוויגען — הויבט אָן ווייכער און טרויעריגער דער מלאך מליץ — ווען דער אייגענער בעל טובה האָט זיך מיט אַלע אויסגעגלייכט, נאָר איהם קיין גראָשען שכירות נישט צוריקגעגעבען — און אַפּילו דעמאָלט, ווען ער איז באָנציען (ווייטער פאָהרענדיג אויף אַ קאָטש מיט גומענע רעדער און פערד ווי לייבען) איבערגעפאָהרען...

ער האָט אַלץ געשוויגען! ער האָט אַפּילו דער פּאָליציי נישט געזאָגט, ווער עס האָט איהם צורעכט געמאַכט...

---

ער האָט געשוויגען אַפּילו אין שפּיטאָל, וואו מען מעג שוין שרייען!

ער האָט געשוויגען אַפּילו ווען דער דאָקטאָר האָט אָהן

פונפצעהן קאָפּיקעס נישט געוואָלט צוגעהן צו זיין בעט, און דער וועכטער, אָהן פינף קאָפּ. — טווישען איהם די וועש!

ער האָט געשוויגען ביים גוססן — ער האָט געשוויגען ביו'ם שטאַרבען...

קיין וואָרט געגען גאָט, קיין וואָרט געגען לייט!

— דיקסי!

---

באָנציע הויבט אָן ווייטער צו ציטערן אויפ'ן גאַנצען לייב. ער ווייסט אַז נאָכ'ן מליץ יושר געהט דער קטיגור! ווער ווייסט וואָס דער וועט זאָגען! באָנציע אַליין האָט זיין לעבען נישט געדענקט. נאָך אויף יענער וועלט האָט ער יעדע מינוט די פריהערדיגע פערגעסען... דער מלאך־מליץ האָט איהם אַל'ץ דערמאַהנט... ווער ווייסט וואָס דער קטיגור וועט איהם דערמאַהנען!

— רבותי! הויבט אָן אַ שאַרף־שטעכענדיג־בריהענדיג קול —

נאָר ער האַקט אָב —

— רבותי, הויבט ער נאָך אַ מאָל אָן, נאָר ווייכער און האַקט ווייטער אָב.

ענדליך הערט זיך, פון דעם אייגענעם האַלז אַרויס, כמעט אַ ווייך קול:

— רבותי! ער האָט געשוויגען! וועל איך אויך שווייגען!

עס ווערט שטיל — און פון פאָרנט הערט זיך אַ נייע ווייכע ציטערדיגע שטימע:

— באָנציע, מיין קינד באָנציע! רופט איהם ווי אַ האַרפע... מיין האַרציג קינד באָנציע!

און באָנציען צו־וויינט זיך דאָס האַרץ... ער וואָלט שוין אַצונד די אויגען געעפענט, נאָר זיי זענען פערפינסטערט פון טרעהרען... עס איז איהם אַזוי זיס־וויינענדיג קיינמאָל נישט געוועזען... „מיין קינד", „מיין באָנציע" — זייט די מוטער איז

געשטאָרבען, האָט ער אַזאַ קול אין אַזוינע ווערטער נישט גע-הערט —

— מיין קינד! פיהרט ווייטער דער אב־בית־דין — דו האָסט אַלץ געליטען און געשוויגען! עס איז נישט דאָ קיין גאַנץ גליעד, קיין גאַנץ ביינדעל אין דיין לייב אָהן אַ וואונד, אָהן אַ בלוטיג אָרט, עס איז נישט דאָ קיין איין בעהאַלטען אָרט אין דיין נשמה, וואו עס זאָל נישט בלוטען... און דו האָסט אַלץ געשוויגען...

דאָרט האָט מען זיך נישט פערשטאַנען דערויף! דו אַליין האָסט גאָר אפשר נישט געוואוסט, אַז דו קענסט שרייען און, אַז פון דיין געשריי קענען יריחו'ס מויערן ציטערן און איינ-פאַלען? דו אַליין האָסט פון דיין פערשלאָפענעם כח נישט גע-וואוסט...

אויף יענער וועלט האָט מען דיין שווייגען נישט בעלוינט, נאָר דאָרט איז דער עולם השקר, דאָ אויפ'ן עולם אמת וועסט דו דיין לוין בעקומען!

דיך וועט דאָס בית־דין של־מעלה נישט משפט'ן, דיר וועט עס נישט פסק'נען.

דיר וועט עס קיין חלק נישט אויס- און נישט אָבטהיילען: נעהם דיר וואָס דו ווילסט! אַלעס איז דיין!

באָנציע הויבט דאָס ערשטע מאָל די אויגען אויף! ער ווערט ווי פערבלענדעט פון דער ליכט פון אַלע זייטען! אַלעס בלאַנקט, אַלעס בלישצעט, פון אַלעם יאָגען שטראַהלען: פון די ווענד, פון די כלים, פון די מלאכים, פון די דיינים! סאַמע ענגלען!

ער לאָזט די מיעדע אויגען אַראָב!

— טאַקי? פרעגט ער מסופק און פערשעהמט.

— זיכער! ענטפערט פעסט דער אב־בית־דין! זיכער, זאָג איך דיר, אַז אַלעס איז דיין. אַלעס אין הימעל געהער צו דיר! קלויב און נעהם וואָס דו ווילסט, דו נעהמסט נאָר ביי דיר אַליין!

— טאַקי? פרעגט באָנציע נאָך אַמאָל, נאָר שוין מיט אַ זיכערן קול.

— טאַקי! טאַקי! טאַקי! ענטפערט מען איהם אויף זיכער פון אַלע זייטען.

— נו, אויב אַזוי — שמייכעלט באָנציע — וויל איך טאַקי אַלע טאָג אין דער פריה, אַ הייסע בולקע מיט פרישע פוטער!

דיינים און מלאכים האָבען אַראָבגעלאָזט די קעפּ פער־שעהמט; דער קטיגור האָט זיך צולאַכט.

# דָאס שְׁטְרַייִמֶעל.

זיין בין איך אַ קירזשנער, נאָר דער עיקר — אַ שטריימעל־מאַכער. אמת איז, אַז דאָס רוב פּרנסה האָב איך פון פויערשע סיערמיעגעס און טרעגער־פּעלצלעך.

עס פּאַלט אויך אַמאָל אַריין לייב־מילנער מיט׳ן שאָפּען־פּעלץ...

אמת איז, אַז אַ שטריימעל טרעפט זיך זעלטען, זעהר זעלטען; דען — ווער טראָגט היינט אַ שטריימעל? אַ רב! און אַ שטריימעל לעבט איהם שטענדיג איבער...

אויך איז אמת, אַז ווען עס טרעפט זיך שוין אַ שטריימעל, מאַך איך עס ערשט אומזיסט, אָדער האַלב אומזיסט. לכל הפּחות — לעג איך מיין אַרבייט צו. דאָס אַלעס בין איך מודה, און דאָך בין איך דער עיקר אַ שטריימעל־מאַכער, ווייל אַ שטריי־מעל האָב איך ליעב צו מאַכען!

אַז עס קומט מיר אין די הענד אַריין, איז „אחרי בלותי״ — פיהל איך ערשט וואָס איך בין און וואָס איך קאָן!

פון וואָס דען — זאָגט אַליין — זאָל איך הנאה האָבען?

איך פלעג אַמאָל נחת האָבען פון פויערשע סיערמיענגעס...

ערשטענס: פאַר וואָס נישט?

צווייטענס: האָב איך מיר געטראַכט: „דאָס פויערל ניט אונז ברויט, ער אַרבייט זומער אַזוי שווער און ביטער, און איך קען איהם נישט שיצען פאַר דער זון, וועל איך כאָטש ווינטער, ווען ער רוהט, איהם אָבהיטען פון קעלט!״

און דריטענס האָב איך געהאַט אַ פיין ליעדעלע דערצו!

א יונגער מאַן בין איך געווען, אַ קול האָב איך געהאַט ווי אַ גלאָק, און איך פלעג נעהען און זינגען:

„שטעך נאָדעל, שטעך,
„אַ לעדער ווי אַ בלעך,
„אַ פוטער ווי אַ באַרשט!
„ס'מאַכט זיך אַ סיערמיענגע פיין
„ס'וועט דעם פויערל וואַרעם זיין..
„מרים-לעב, מיך דאַרשט!"

און אַזוי ווייטער! נאָך עטליכע סטראָפען... און דאָס גאַנצע ליעדעל, פערשטעהט זיך, איז נאָר געמאַכט געוואָרען פאַר'ן „מאמר המוסגר'ס" וועגען, עס זאָל אויסקומען דער — „מרים-לעב, מיך דאַרשט!"

ווייל, איהר מוזט וויסען, אַז די היינטיגע אשה-צנועה מרת מרים דבשה, איז דעמאָלט נאָך קיין גבאי'טע נישט געוועזען; זי האָט מיך נישט גערופען ווי היינט „בעריל קאָלבאַס", נאָר „בערעלע", און איך פלעג זי רופען „מרים-לעב!" און עס איז, בעונותינו הרבים, געוועזען אַ גרויס ליעבשאַפט צווישען אונז. און קוים האָט זי דערהערט דעם „מאמר המוסגר" — אַז מיך דאַרשט, האָט זי מיר באַלד דערלאַנגט אַ ביסעל ווײנשעל-שנאַפּס! שנאַפּס האָט אַ גרויסע פעולה אויפ'ן כח הדם, און איך פלעג זי טאַקי תיך כדי דבור אָנחאַפּען ביי'ם קלייד, דערלאַנגען אַ ברענענדיגען קוש אין די רויטע קירשען אַריין... און דאָפּעלט דערפרישט, נעמען זיך צוריק צו דער סיערמיענגע!

היינט — אוים קירשען!
איך הייס „בעריל קאָלבאַס", זי „מרים דבשה"...

אויך בין איך געוואָרען געוואָהר, אַז ערד איז דאָ ווענינ, פויערן — אַ סך... מען זאָגט: צו-פיעל... אַז די „איבריגע" פויערן ליידען הונגער; אַז אפילו פון זעקס מאָרג ערד קען מען אויך נישט לעבען, אַז ווינטער, דעריבער, רוהט דאָס פויערל נישט.

עס געהט ערשט אַ „וואָזקע!"

אַ שעהנע רוה האָט ער עס ווינטער! גאַנצע טעג און נעכט פיהרט ער ווייץ אין לייבעל׳ס מיהל אריין!

וואָס קלערט איהר? איך קען אַ סך נחת האָבען, אַז מיין סיערמיענגע, מיין פראַצע, ווערט אַ גאַנצען ווינטער אויסגע־ווייקט, נאָכקריכענדיג אַ פּאָר פגירה׳שע פערד, וואָס שלעפּען לייבעל מילנערס תבואה פאַר 13 גראָשען פער זאַק, פאַר 5 מייל וועגס!

פיש! און וואָס האָב איך פאַר אַ נחת פון אַ טרעגער־פעלצעל?

אַ גאַנצען ווינטער טראָגט עס זעק מיט מעהל אין לייבעל מילנער׳ס מיהל אריין און אַ גאַנצען זומער ליעגט עס פערזעצט אין שענק פאַר ח״י גראָשען.

אלול־צייט, אַז מען ברענגט עס מיר אויפצוריכטען, ווער איך נאָך שכור פון ריח פון שלעכטען בראָנפען!

און אַז לייבעל מילנערס שאָפען־פעלץ, בכבודו ובעצמו, פאַלט מיר אין די הענד אריין, ווי מיינט איהר, האָב איך נחת דערפון?

עס איז טאַקי אַ שאָפען־פעלץ, עס איז טאַקי אַ כבוד, מען האָט טאַקי דערפאַר דרך־ארץ אין שטעדטיל; נאָר מיר קומט דערפון קיין גוטס נישט אַרויס.

איך האָב אַ מיאוס׳ע טבע געקריגען: איבער וואָס איך זעה, האָב איך ליעב צו קלערען: פון וואַנען עס קומט? פאַר וואָס עס איז אַזוי? צי קען נישט אַנדערש זיין? און אַזוי ווי איך קריעג לייבעל מילנער׳ס פעלץ אין דער האַנד אריין, הויב איך אָן צו קלערען:

רבונו של עולם! נאָך וואָס האָסט דו בעשאַפען אַזוי פיעל מינים פעלצען? פאַר וואָס האָט איינער אַ שאָפען־פעלץ, דער צווייטער אַ טרעגער־פעלצעל און דער דריטער אַ סיערמיענגע און אַ פירטער גאָר נישט?

און קוים הויב איך אָן קלערען, פערטראַכט איך מיך, די נאָדעל בלייבט שטעהן, און האשה־צנועה מרת מרים תחיה

וואַרפט מיר וואָס עס קומט איהר אונטער דער האַנד, אין קאָפּ אַריין...

זי וויל גלייך מיט אַלע, אַז „בעריל קאָלבאַס" זאָל ווענינער קלערען און מעהר אַרבייטען...

נאָר וואָס זאָל איך טהון, אַז איך מוז קלערען! אַז איך ווייס פאָרט, אַז לייבעל מילנער לאָזט זיך נישט פריהער איבערשטרייכען דעם שאָפּען-פּעלץ, ביז ער רייסט נישט אָב אַ גראָשען פון זאַק דער כיערמיעננע, און דעם אייגענעם גראָשען פער פוד דעם פעלצעל...

נו, זאָל איך פון דעם נחת האָבען?

---

אַה, איך האָב שיער נישט פערגעסען!

אַ וואָך פאַר סליחות האָט זיך מיר שיער נישט געמאַכט אַ נייע מאָדנע אַרבייט... וואָס ווייבער קענען! עס קומט אַריין פריידעל די גבאי'טע מיט שרעקליך גרויסע האַנדשוה אויף די הענד — איך קוק מיך צו, עס איז אַ פּאָר פוירשע שטיוועל — איך האָב געמיינט, אַז איך פלאַטץ פאַר געלעכטער.

— גוט מאָרגען! מאַכט זי צו מיר, מיט איהר זיס-אָבגעריסען קיל'עכעל, גוט מאָרגען! בערעלע!

זי איז מיין ווייב'ס חברת'ע, און איז זיך נוהג, פונקט ווי די גאַנצע שטאָדט, און רופט מיך „בעריל קאָלבאַס"; היינט: בערעלע! און אַזוי זיס — איינגעמאַכטס דערפון צו פּרעגלען! פערשטעה איך שוין, אַז זי דאַרף עפּיס צו מיר...

איך קלער, אַז זי האָט די פוירשע שטיוועל פון אַ וואָגען „אַראָבגעצויגען" (עס איז דאָך נישט ערגער פאַר קליין-געלד פון — צדקה-פושקע) און וויל ביי מיר די סחורה בעהאַלטען! — פרעג איך זי שטרענג:

— וואָס ווילט איהר?

— באַלד מיט'ן „ירגזון", ענטפערט זי נאָך זיסער, האָניג רינט איהר פון אַלטען מויל אַרויס, — באַלד „וואָס ווילט איהר?" און וואו איז דער „גוט יאָהר"!

— זאָל זיין „גוט יאָהר”, נאָר גיין עק —

וואָס איילסט דו דיך, בערעלע — שמייכעלט זי נאָך זיסער — אָט, בין איך געקומען דיך פרעגען, אויב דו האָסט נישט עטליכע שטיקלעך פוטער —

— און וואָס איז אַז כ'האָב ?

— וואָלט איך דיר אָנגעשלאָגען איין עסק — מאַכט זי.

— נו ? אַרויס דערמיט ! רעדט !

— דו זאָלסט זיין אַ גוטער „בערעלע” וואָלסט דו מיר אויסגעבעט אָט די שטיוועל מיט שטיקלעך פוטער ! איך וואָלט געהאַט אין וואָס צו געהן צו סליחות, און דו וואָלסט דיר גאָר וואָלוועל אַ מצוה-געקויפט !

איהר פערשטעהט אַ מסחר ? אַ „וואָלוועלע מצוה !”

— איהר ווייסט • דאָך — זאָג איך איהר — אַז בעריל קאַלבאַס איז נישט קיין בעל־עסקן אויף מצות ?

— נאָר וואָס ? פון איין אָרעמע יודענע וועסט דו געלר נעמען ?

— נו, נישט קיין געלד ! איך וועל אייך עס טהון פאַר גאָר אַ קלייניגקייט : א י ך וועל אייך אויסבעטען די שטיוועל, און א י ה ר וועט נאָר מיר דערצעהלען אייערע חטאת נעורים . . .

וויל זי נישט, האָב איך זי אָבגעשיקט צו איין איינבינדער!

בעט איך נישט קיין שטיוועל אוים ! עס איז מיר אַזוי אייך נמאס ומאוס פאַר'ן לעבען ! איהר לאַכט ? און דאָך, אַז איך האָב נישט קיין שטריימעל, איז מיר אַלעס נמאס ומאוס ! וואָר'ן וואָס ? אויף וואָס אַרבייט איך ? אַלץ דעם שטיק חומר אָנצולעגען ! און מיט וואָס ? מיט ברויט און מיט קאַרטאָפעל, ברויט אָהן קאַרטאָפעל און גאַנץ אָפט גאָך מיט קאַרטאָפעל אָהן ברויט, כדאי ?

גלויבט מיר, אַז אַ מענש אַרבייט פופציג יאָהר און עסט פופציג יאָהר באָג-טעגליך קאַרטאָפעל, מוז איהם נמאס ומאוס ווערען דאָס לעבען ! מוז איהם דאָך אַמאָל איינפאַלען — זיך, אָדער לייבעל מילנער, אַ מעשה צו טהון ! און אויב איך עס ווי-

טער רוהיג מיינע קארטאפעל, און ארבייט ווייטער, האב איך עס נאך דעם שטריימעל צו פערדאנקען!

אז איך קריעג א שטריימעל אין דער האנד אריין, ווערט מיר אויפגעפרישט דאס בלוט אין די אדערן! ווייס איך נאך וואס איך לעב!

. . . . . . . . . . . . . . . . .

מאכענדיג דאס שטריימעל, פיהל איך, אז איך האלט א פויגעל אין דער האנד, און אט וועל איך זי עפענען, וועט דער פויגעל ארויף־פליהען הויך, הויך, קוים מיט'ן אויג צו דערזעהן!

און איך וועל שטעהן און קוקען און קוועלען: דאס איז מיין פויגעל. איך האב'ן געמאכט, איך האב'ן ארויף־געשלאגען אין דער הויך!

און שטאדט, ברוך השם, האב איך קיין דעה נישט, צו קיין אסיפה רופט מען מיך נישט, אליין געהן, בין איך קיין שניידער נישט, איך קום נישט כמעט ארויס אין גאס אריין! איך האב קיין שטאדט נישט, נישט אין שוהל, נישט אין בית המדרש, נישט ביי א מנין! איך האב אויף גאר נישט, אין ערגיץ נישט צו שאפען... אין דערהיים איז מרת מרים די רייטערקע! איידער איך פרוב עפענען דאס מויל צו רעדען א ווארט, בעהאגעלט זי מיך שוין מיט קללות! זי ווייסט שוין וואס איך וויל זאגען, וואס „בעריל קאלבאס" מיינט, זזון עס קאכט!

נו, וואס בין איך? א גאר־נישט! און דאך, לאז איך אמאל ארויס א שטריימעל אויף קהל — בויגט זיך קהל אין דרייען!

איך זיץ אין דערהיים און שוויג, און מיין שטריימעל שאקעלט זיך אויבען אן אויף א חתונה, אויף א ברית, אויף א סעודת מצוה... עס הוידעט זיך איבער'ן גאנצען עולם ביי דער קלפי, ביי א דין תורה!

און אז איך דערמאהן מיך אין דער גדולה וואקסט מיר טאקי דאס הארץ...



קענגען־איבער מיר וואהנט א שמוקלער... איך בין איהם אסור נישט מקנא!

זאל זיינער איין עפּאָלעט, אָדער א שליפּע, זאָגען אויף איין אָקס „טרפה!" און אויפ'ן צווייטען „כשר!" אדרבא לאָמיר זעהן! און אז מיין שטריימעל זאָגט אויף פיער אָקסען דורך איינאַנד: „טרפה!" ווערט דער קצב אויסגעריסען, די העקער־יונגען בעהאַלטען די צייהן אין בייטעל, דאָס גאַנצע שטעדטיל האָט נייע „ניין־טעג", א גאַנצע סאָטניע קאָזאַקען קריגט פאַר זעקס גראָשען א פונט פלייש, און פערפאַלען! עס רעדט קיינער נישט א וואָרט!

אָט, דאָס הייסט א גבורה!

איך געדענק דען נישט?! פאַר א יאָהרען איז געווען א פגירה אויף שאָף.

עפּיס, זאָגט מען, מאַכען די שעפּעלעך אזוינע מאָדנע הקפות, ביז זיי פערדרעהען די קעפּלעך און פאַלען אַנידער טוידט! איך בין נישט געוועזען דערביי; „הקפות" איז „הקפות", נאָר מן הסתם האָט שוין יענקעל קצב געהאַט וואָלוועל שאָפּען־פלייש!

דער וועטערינאַר איז געקומען און געזאָגט: טרפה! מען הערט איהם ווי די קאַץ!

ער האָט אַראָבגעבראַכט פּיער־ערליי עפּאָלעטען, א פּאָר שליפּעס! מען האָט זיי אַלע אַוועקגע'גנב'עט דאָס פלייש פון אונטער די הענד, און נאָך אויפ'ן דריטען טאָג האָט דאָס גאַנצע שטעדטיל געהאַט וואָלוועל כשר פלייש אויף וועטשערע!

ביי מיין שטריימעל גנב'עט מען נישט! עס דאַרף קיין שליפּעס, קיין עפּאָלעטען נישט, ער אַליין ריהרט זיך אויך נישט פון אָרט! און כל זמן מיין שטריימעל זאָגט נישט: עס! עפּענט זיך אין שטעדטיל קיין מויל נישט אויף!

---

איהר מיינט אפשר, אַז די גבורה שטעקט אין דעם, וואָס איז אונטערן שטריימעל? אסור הזיר!

איהר ווייסט אפשר נישט, וואָס דעראונטער איז?

איך, ב״ה ווייס!

די בריאה איז, ב״ה, פריהער אין נאָך אַ קלענער שטעדטיל אַ מלמד געוועזען, און מיין טאַטע עליו השלום, איידער ער האָט געזעהן, אַז עס וועט שוין פון מיר קיין לייט נישט זיין, האָט ער מיך אַהין געשיקט צו דער בריאה לערנען! עס איז געוועזען רחמנא ליצלן אַ שלים־מזל, וואָס די וועלט פערמאָגט עס נישט: אַזעלטענער מלמד!

די בעלי הבתים האָבען געזעהן, אַז ער קען זיך נישט אויף קיין „צורת מטבע", האָבען זיי איהם באַלד אָבגעריסען אַ העלפט שכירות, און די צווייטע העלפט געצאָהלט מיט אָבגעריבענע צוויי־ערם פאַר דרייערס, אָדער מיט בלעכענע פערציגערס; די רבי־צין האָט געזעהן, אַז זי וועט מיט איהם מיט גוטען נישט אַרויס, פלעגט זי איהם טאָג טעגליך דאָס בערדיל אויסצופען!

און איהר האָט איהר נישט וואָס פעראיבעל צו האָבען!

ערשטענס האָט געפעהלט פרנסה; צווייטענס האָט אַ יודענע ליעב צו צופען; דריטענס, האָט ער שוין אַזאַ בערדיל געהאַט, וואָס האָט זיך געבעטען, כמעט געחלש׳ט מען זאָל עס צופען! עס האָט אַזוי בעשיינפערליך געבעטען, אַז מיר תלמידים האָבען זיך אויך נישט געקענט איינהאלטען, און אַלע מאָל האָט זיך איין אַנדערער געמוזט אַראָבלאָזען אונטער׳ן טיש, צוכאַפּען זיך צו׳ם רבין׳ס בערדיל און אויסרייסען אַ האָר!

נו זאָגט אַליין! קען אין אַזאַ בריאה שטעקען אַ גבורה?

אפשר מיינט איהר, ער איז מיט דער צייט אַנדערש געוואָרען?

אסור הזיר! עס איז אין איהם קיין שום ענדערונג נישט געשעהן! די אייגענע קליינע, פערלאָשענע, מיט אייטער פערגאָסענע, בטלנישע, שטענדיג דערשראָקענע אייגען!...

אמת, פאַר רחקות איז איהם דאָס ערשטע ווייב געשטאָרבען,

נו וואָס איז? מאי נפקא מינה? צופּט איהם די צווייטע דאָס בערדיל! ווי באַלד עס בעט זיך, עס חלש'ט, מען זאָל עס צופּען, אַז מען קען עס נישט אָבזאָגען! און איך אַליין, ווען איך זעה עס, קומט מיר אויך דאָס וואַסער אין מויל אַריין, אַ צופּ צו טהון!

נאָר, וואָס דען איז געשעהן? נישט מעהר נאָר וואָס איך האָב איהם אַ שטריימעל געמאַכט!...

איך בין מודה ומתודה, אַז נישט מיין עצה איז עס געוועזען! מיר וואָלט עס גאָר נישט איינגעפאַלען!

קהל האָט בעשטעלט און איך האָב געמאַכט; נאָר קוים איז דאָס אייגענע קהל געוואָהר געוואָרען, אַז דאָס שטריימעל, וואָס זיי האָבען ביי מיר בעשטעלט, וואָס איך אָרעמער „בעריל קאָלבאַס" האָט געמאַכט, קומט צו פאָהרען און איז שוין אַ וויאָרסט אונטער דער שטאָדט, איז עס אַרויסגעלאָפען מיט אַ שמחה, מיט אַ גדולה! קינד-און-קייט איז אַרויסגעלאָפען, קראַנקע זענען פון די בעטען אַרוים! מען האָט אויסגעשפּאַנט די פערד און גאַנץ קהל האָט זיך אויף איינמאָל געוואָלט איינשפּאַנען און שלעפען מיין שטריימעל; נאָט ווייסט, וואָס פאַר אַ מחלוקת עס וואָלט דערפון אַרויס! וואָס פאַר פעטש, וואָס פאַר אַ מסירות... ווען נישט וואָס אַ חכם האָט איין עצה געגעבען: מען זאָל מאַכען אַ ליציטאַציע!

און לייבעל מילנער האָט געגעבען ח"י מאָל ח"י זהובים, און ער איז געוועזען דאָס ערשטע פערד!

נו, שטעקט נישט אַ גבורה אין מיין שטריימעל?



מיין אשה צנועה רופט מיך (אַ חוץ בעריל קאָלבאַס) נאָך בעל תאוה'ניק, עזות-מחוצף'ניק, גבול-פּה'ניק, כל בו'ניק, און וואָס דאָס וואַסער ברענגט איהר אין מויל אַריין...

עס איז אמת, אַ מענש איז קיין חזיר נישט! איך האָב

הנאה פון אַ גליק ווערטיל; איך האָב אַמאָל ליעב לייביל מילנער, אין די אויגען אין אונטער די אויגען, אַריינצוזעצען אַ שפּילקע.

אויך, — וואָס וועל איך דאָ לייקענען? — די דיענסט-מיידלעך וואָס נעמען וואַסער געגנען-איבער אין הויף ביים פּלומפּ, זענען ח"ו קיין כהנים און דוכענען נישט, האָב איך ליעב אַ קוק צו טהון...

נאָר, גלויבט מיר, אַז נישט דאָס דערהאַלט מיך ביי'ם לעבען!

מיך דערהאַלט ביים לעבען איין זאַך: איך וויים, אַז איך לאָז איין מאָל אין אַ יובל אַרויס איין עבודה זרה'לע אויף קהל, און דער גאַנצער עולם בוקט זיך צו איהר, צו מיין „מעשׂי ידי"!

איך וויים, אַז ווען מיין אשה צנועה וואַרפט מיר די שליסע-לעך איבער'ן טיש, אַז דאָס האָט זי מיין שטריימעל אַזוי געהייסען; מיך הערט זי ווי די קאַטץ, אָבער מיין שטריימעל מוז זי פאָלגען!

ווען זי קומט אַהיים ערב שבת ויום טוב פון יאַטקע אָהן פלייש, און שילט דעם קצב — וויים איך, אַז דער קצב איז אַ מכה שולדיג, אַז מיין שטריימעל לאָזט זי היינט קיין קוגעל נישט מאַכען!

איך וויים, אַז ווען זי נעהמט נאָך גאָר אַ גוטען טאָפּ און וואַרפט איהם אַרויס אין גאַס אַריין, אַז דאָס האָט נישט זי, נאָר מיין שטריימעל דעם טאָפּ אַרויסגעוואָרפען! אַז ווען זי נעמט און קנייפּט אויס פון ראָשטשינע אַ שטיק טייג און וואַרפט עס אין פייער אַריין, און הייבט אויף די הענד און פערגלאָצט די אויגען צום באַלקען, וויים איך גאַנץ גוט, אַז דער באַלקען הויבט דער-פון גאָר נישט אָן צו וויסען, — אַז דאָס האָט גאָר מיין שטריימעל דאָס שטיקעל טייג פערברענט!





און דערביי וויים איך, אַז מיין אשה צנועה איז נישט קיין

בת יחידה ביי קהל, און קהל איז נישט קיין בן יחיד ביי גאָט; אַז קהל האָט אַ סך אַזוינע נשים צדקניות, און גאָט ב"ה, האָט אַ סך, אַ סך אַזוינע קהל'ס, און אַז מיין שטריימעל האָט איבער אַלע מיליאָנען מיליאַסען נשים צדקניות צו שאַפען!

מיליאָנען שליסעל ווערען געוואָרפען, מיליאָנען ווייבער מאַכען נישט קיין קוגעל, מיליאָנען טעפ פלאַצען אויף די שטיינער אין גאַס, און פון דעם חלה־נעהמען וואָלט איך מיך אונטערגענומען מפרנס צו זיין אַ פאָלק אביונים!

און ווער טהוט דאָס אַלעס? אַלץ מעשי ידי! אַלץ מיין שטריימעל!



ווייטער דער שמוקלער! אָט זיצט ער געגען־איבער דעם פענסטער; זיין פנים גלאַנצט, גלייך מען וואָלט עס מיט שמאַלץ בעשמירט.

וואָס גלאַנצט עס? וואָס פינקלען איהם די לויפענדיגע אויגעלעך?

ער האָט אָנגעדרעהט אַ פּאָר גאָלדענע שליפעס!

ערשטענס, ווייסען מיר וואָס גאָלד און וואָס מישוראַ איז! און צווייטענס, וויים איך, אַז אַ פּאָר שליפעס מוזען צעהן מאָל מעהר זעלנער האָבען אונטער זיך אַלס לייבעל'ס שאָפענפעלץ — סיערמיענגעס און טרעגער־פעלצלעך! און היינט זאָל פרובען די גרעסטע גאָלדענע שליפע אַרויסגעבען אַ פריקאַז: „צעהן אָקסען זאָלסט דו קיילען און אַ האַלבען קאָכען!"; „קרענק זאָלסט דו קייען, פיער־ערליי געפעס האָבען און די מילץ עסען אויף דער לינקער זייט טעלער!"; „פון יעדען ביסען זאָלסט דו וואַרפען אַ שטיק אין פייער צי אין וואַסער אַריין!" אָדער: „יעדער חתן מוז מיר פריזהער ווייזען זיין כלה, און יעדע כלה איהר חתן!", „מיט מיר — אַלעס, אפילו צוזעצטערהייט, אָהן מיר — נישט אַ לעבן".

די גרעסטע גענעראלסקע שליפע וועט גאר די פאנטאזיע, די העזה דערצו נישט האבען! און ווען יא, וואלט זי געמוזט פערזייען מיט נייע זעלנער די גאנצע מדינה: ביי יעדען בעט אנידערשטעלען חאטש א פאר קאזאקען, איינער זאל היטען דעם צווייטען, אוןביידע — דאס בעט!

און וויפיעל וואלט דערביי נאך גנבות געשעהן, וויפיעל קאנטראבאנד! וויפיעל וואלט מען אבגענארט! רבונו של עולם, ווי פערמאגט מען דאס!

און מיין שטריימעל טהוט דאס אלעס, און שטיל און פיין, אהן נאהייקעס, אהן קאזאקען!

איך זיטץ מיר גאנץ שטיל אין שטוב און וויים, אז אהן מיין שטריימעלס ערלויבנים וועט זיך קיין משה'לע צו קיין חנה'לען נישט צוריהרען, קיין אויג נישט ווארפען!

חס ושלום!

און פערקעהרט, אז מיין שטריימעל העננגט אן אזא משה'לען אדער א חנה'לען א לונג-און-לעבער אויף דער נאז, איז — צום טויט! קענסט דו פון איהר נישט אנדערש פטור ווערען סיידען מיט'ן לעבען צוזאמען! און ווילסט דו אזוי לאנג נישט ווארטען, מוזט דו קומען בעטען, חלש'ן פאר'ן אייגענעם שטריימעל: שטריימעלע ראטעווע! שטריימעלע עפען מיר אויף די קייטען! לאז מיך ארויס פון תפיסה!



אין עק גאס איז דא א שענק.

זייט מיין אשה צנועה איז א גבאי'טע געווארען, און גיסט מיר אויף וויינשעל קיין שנאפס נישט אויף, חאפ איך מיך דארט אמאל אריין, דאס הארץ צו דערחאפען! בפרט אין א תענית... על כל פנים בין איך דאך נישט מחויב פאסטען; עס איז דאך פארט מיין אייגען שטריימעל.

דעם שענקער קען איך שוין פון לאַנג... ער לעבט אויך נישט פון מצות און מעשים טובים... נאָר נישט אין דעם בין איך אַצונד אויסען...

צווי טעכטער האָט ער געהאַט! צווי שוועסטער פון איין טאַטע־מאַמע! וואָס זאָג איך, אַ צווילינג! ווי איך בין אַ יוד. —

עס איז דען מעגליך געוועזען איינע פון דער צווייטער צו אונטערשיידען? און אַ חן'עוודיגער צווילינג, אַ ברכה צו מאַכען!

פנים'לעך — ווי שמחת־תורה־עפּעלעך פון אַ פאָהן אַראָב! בעשמעקט — ווי בשמים־שטעקעלעך; אויפגעוואַקסען ווי לולב'ן, און צווי פּאָר אויגען, זאָל גאָט שומר ומציל זיין! אַז איינע וואַרפט אַ בליק, דאַכט זיך — אַ בריליאַנט האָט געבליצט. און אָרענטליכע קינדער! אין שענק און דאָך ווייט פון שענק!

אין אָרון קודש אַליין וואָלט מען זיי נישט בעסער און עה"רליכער ערצויגען!




אין שענק געבוירען און דאָס זענען מלכּות געוועזען! עס האָט קיין איינציגער שכּור פאַר זיי קיין שלעכט וואָרט נישט גע־רעדט... קיין סטראַזשניק, קיין אַקציזניק! עס זאָל געוועזען דער גרעסטער מאַן אַריינקומען, וואָלט ער אויך, דאַכט זיך, די העזה נישט געהאַט, איינער אַ קניפּ צו געבען אין בעקיל נישט מיט די הענד, נישט מיט'ן אויג, נישט אַפילו אין גע־דאַנק! איך האָב שיער, שיער נישט געזאָגט: אַז אין זיי שטעקט מעהר גבורה ווי אין מיין שטריימעל! און איך וואָלט אַ גראָבען טעות געהאַט!

דאָס שטריימעל, האָט זיך אויסגעוויזען, איז שטאַרקער, טויזענד מאָל שטאַרקער פאַר זיי!




אַ צווילינג! איינע אָהן דער אַנדערער האָט זיך נישט גע־

וויזען. אַז אײנער האָט עפּיס ווען געטהון, האָט די צווייטע דעם אײנענעם שמערץ געפיהלט... און דאָך — ווי געשווינד האָבען זיך זייערע וועגען צושיידט...

דאָס אײגענע געטהון, קיים עטוואָס אַנדערש, און דאָך!...

ביידע האָבען זיך פּלוצלונג פערענדערט: טהייל מאָל זענען זיי פרעהליכער, טהייל מאָל טרויעריגער און פערטראַכטער געוועזען ווי פריהער! — איך קען אייך נישט אויסמאָלען, וואָס מיט זיי איז געשעהן. די רעכטע ווערטער ליעגען מיר אויף דער צונג, נאָר איך קען זיי נישט אַראָבשאַרען... אַ מענש האָט נישט געלערנט... נאָר אין זיי איז עפּיס טיעפער, פעסטער און צוגלייך טרויעריגער און זיסער געוואָרען...

און מען האָט געוואוסט, ווער עס איז שולדיג דערינען: מען האָט געטייט מיט די פינגער אויף צוויי משה'לעך, וואָס האָבען ביידע חנה'לעך נאָך שענער, נאָך בעסער, נאָך חן'עוודיגער, נאָך עפּיס העכער געמאַכט!...

עט, עפּיס האָב איך איין אַנדער לשון בעקומען, עס פּאַסט גאָר נישט פאַר אַ קירזשנער! אַ טרעהר האָט זיך מיר אין די אויגען פערדרעהט: נישט פאַר מיינע יאָהרען.

מיין אשה צנועה וועט ווייטער זאָגען: בעל־תאוה'ניק...

איך וועל אייך שוין לאַנג נישט ברייען:

ביידע שוועסטער האָבען דאָס אייגענע געטהון, כהויה דאָס אייגענע, נישט אומזיסט זענען זיי דאָך אַ צווילינג געוועזען!

ביידע האָבען משה'לעך בעקומען, און ביידע האָבען געמוזט אין אַ קורצע צייט אַרום, אַריינזעצען קלינעס אין די קליידעלעך!

שעמט אייך נישט, דער סדר עולם איז אַזוי; גאָטס ווילען איז עס, וואָס איז די בושה?

און דאָך ווי אַנדערש איז ביי יעדערער געשעהן!

איין שוועסטער האָט געטראָגן פראַנק און פריי: פאַר גאָט
אין שוהל, פאַר לייט אין גאַס, פאַר׳ן סטראַזשניק, אַקציזניק און
אַלע געסט אין שענק!

די אייגענע שוועסטער האָט זיך דערנאָך אין דער ווייט
פון די שכורים, אין אַ שטילע שטוב, אין אַ וואַרעמע שטוב, און
אין אַ ווייס בעט אַריינגעלעגט:

מען האָט די פענסטער פערהאַנגען, די גאַס מיט שטרוי
אויסגעלעגט, עס איז אַ באָבע געקומען; מען האָט נאָך אַ דאָק-
טאָר געשיקט... דערנאָך איז אַ שמחה געווען... און ווי
הייסט אַ שמחה!

און עס האָט אָנגעהויבען וואַקסען אַ ניי קליין משה׳לע —
להורה, לחופה ולמעשים טובים! און, אַז זי האָט געזעהן ווי גוט
עס איז, שיט זי שוין יאָהר ביי יאָהר קליינע משה׳לעך, און איז
אַ בעל-הבית׳טע עד היום הזה...

אָבער די צווייטע האָט געטראָגן בסוד סודות, וועהען
געקריגען אין אַ קעלער, דאָס קינד האָט אָבגענומען אַ שוואַרצע
קאַץ...

איהר קליין משה׳לע ליעגט שוין לאַנג ערגיץ אונטער אַ
צוים, מעהר וועט שוין קיין משה׳לעך ביי איהר נישט זיין! און
איין גאָט ווייסט, וואו זי אַליין איז אַהין-געקומען! — זי איז
אַוועק!

מען זאָגט, אַז זי דיענט ערגיץ אויף דער ווייטער וועלט,
אַז זי לעקט אָב פון פרעמדע טעלער... אַנדערע זאָגען, אַז זי
לעבט שוין נישט מעהר...

אַ שלעכטען סוף געהאַט!

און דער גאַנצער חלוק איז געוועזען, וואָס דאָס ערשטע
איז געשעהן אויפ׳ן שוהל-הויף, אויפ׳ן אַלטען בערגעל מיסט, אונטער
אַ ברודיג שטיק וואָלענצייג מיט בעזודלבערטע אותיות... נאָר
מ י ט ׳ן שברייםעל, — און דאָס צווייטע איז געשעהן ערגיץ אין
אַ זינגענדיגען וואַלד אויף פרישען גראָז מיט פרישע בלומען,

אונטער ג א ט ס בלויען הימעל, אויסגעזייעט מיט זיינע שטערען, נאָר — אָהנ'ם שטריימעל.

עס העלפֿען נישט קיין שמעקענדיגע בלומען, קיין זינגענדיגער וואַלד, נישט גאָט'ס הימעל, נישט זיינע שטערען, נישט גאָט אַליין! —

נישט אין זיי אַלע שטעקט די גבורה; אין שטריימעל שטעקט זי! נישט אין פֿאַגאָנעס, נישט אין שליפעס, נישט אין טויזענד מאָל שענערע חנה'לעך, נאָר אַלץ אין שטריימעל. אין דעם שטריימעל, וואָס איך „בעריל קאָלבאַס" מאַך.

און דאָס נאָר דערהאַלט מיך ביי'ם נאַרישען לעבען פֿון קאַרטאָפֿעל.

# הורמוז און אַהְרִימוֹן.

לויט דעם פערסישען גלויבען, עקזעסטירען צוויי געטער: איינער הורמוז (להבדיל אונזער יצר טוב) אַ גוטער גאָט, האָטש צו אַ וואונד צוצולעגען. ער באַשאַפט נאָר — ליכט, באַרעמהערציגקייט, פערשטאַנד און נאָך אַנדערע גוטע זאַכען צום מענשליכען געברויך.

דער צווייטער — אַהרימון (אונזער יצר הרע נישט אויסגערעדט זאָל עס זיין!), אַ שלעכטער גאָט, וואָס האָט ליעב פינסטערניש, ווי אַ מוילוואָרף אָדער אַ פלעדער־מויז, איין אכזר ווי אַ טאָרקוואָמאַדאָ און אַ גוטער פריינד פון גאַרראָנים, וואָס טאַנצען אויף הינטער־פיסלעך. מיט איין וואָרט — פאַר אַזאַ גאָט, זאָל גאָט שומר ומציל זיין.

איהר פערשטעהט אַליין, אַז ווען נישט אַהרימון, וואָלט די וועלט געוועזען אַ גן־עדן: מענשען וואָלטען געלעבט, ווי ברידער פון איין צווילינג, און אפילו מאַן און ווייב וואָלטען זיך קיינמאָל קיין שלעכטס נישט געוואונשען; מענשען וואָלטען אַרומגעלאָפען אין די גאַסען און געזוכט, נישט קיין געשעפטען נישט קיין שווינדעל צו מאַכען, נאָר טאַקי מצות און מעשים טובים. מען וואָלט גערופען: „ווער איז נאַקעט, וועל'מיר איהם קליידען; ווער איז הונגעריג, וועל'מיר איהם שפּייזען; ווער האָט דורשט — וואַסער, וויין, קאָניאַק... וואָס איינער וויל! גאַנצע פעסער כרמל!

אויפ'ן היידעלבערגער ביער־פאַס, וואָלט געשטאַנען אויפגעשריבען „כל דכפין ייתי ויכול", פונקט, להבדיל, ווי אין אונזער הגדה.

און די ווייבער וואָלטען נישט געטראָגען אויף די קעפּ קיין פליגעל פון עקסטראַ דערויף געשאָסענע פייגעל! עס וואָלט גאָר געווען אַ פראַגע, צו מען מעג שמייסען — —אין באָד!

און פערקעהרט,—וואָלט געווען נאָר איין אַחרימון, וואָלט די וועלט געווען אַ גיהנם. וואָס וואָס וואָלט אַרומגע־שוואומען ווי אַ שיף אויף אַ ים פון מענשען-בלוט און וואָלט פער־שפּרייט אַ ריח פון געברענט, געבראָטען און געראָלט מענשען־פלייש אין אַלע זיעבען הימלען.

און אויב די וועלט איז נישט קיין גן עדן און נישט קיין גיהנם, אויב פון צייט צו צייט לעשען זיך אוים די אויטאָדאַ־פעען, עס פערשטומט דער קלאַנג פון קייטען און די אַראַמאַ־טען ברילען נישט אָהן אויפהער; אויב נישט אַלע ווענ־ווייזער אויף די טראַקטען זענען תליות, און עס מאַכט זיך אַמאָל איין אסיפה אין האַאג, וואו מען רעדט וועגען שלום; אויב עס עק־זיסטירט אין איין צייט תפיסות און שפּיטעלער, חברות פון צער בעלי חיים און אַנטיסעמיטען, וועלט-קאָנגרעסען און שאָווי־ניזם; אויב די בורען שיקען איבער די ענגלענדער אַ גראַטולאַצי־יאָן צום נייעם יאָהר מיט אַ פודדינג (אַ מין ענגלישער קוגעל) אין אַ קאַרטעטש,—איז עס דעריבער, ווייל הורמוז און אחרימון עק־זיסטירען ביידע אין איין צייט, און איינער קליצעט דעם צווייטען דאָס וואַסער און שפּייט איהם אין דער קאַשע אַריין.

דאָס אַליץ ווייס איך, נישט אַזוי פון אַלטע פערסישע בי־כער אין פערשיעדענע איבערזעצונגען, ווי פון מיינס אַ בעקאַנ־טענס מויל, פון איין אַלטען פערסער, וואָס וואהנט ווי-זאַ-ווי אין איין הויז מיט מיר: מיט וועלכען איך האָב צופעליג זיך בעקענט און מיר האַלטען זיך פון דעמאָלט אָן צוזאַמען, ווי צוויי לאַנג־נעזיגע וואָס קענען גלייך נישט ליידען, ווי הינד בילען..., און מיר פלוידערן גאַנץ אָפט...

ווען איך טרעף מיך מיט'ן פערס, בעגריסען מיר זיך גאַנץ הערצליך.

— וואָס מאַכט אייער אַלטער? פרעגט ער מיט אַ שמייכעל און איך ענטפער מיט אַראָבגעלאָזטע אויגען:

— דערווייל, שטיל! און הורמוז וואָס מאַכט?

— ער וועט אויספיהרען! — איז זיכער דער פּערס, — ער מוז אויספיהרען! און דער אַלטער אָפּטימיסט שנייצט זיך הויך און מיט אַ זיכערקייט די נאָז, און ווישט זיך איבער דאָס גאַנצע פּנים מיט אַ רויט פולאַרען טיך, וואָס וואָלט געגוג געווען הורמוזען פאַר אַ פאָהן.

איינמאָל דאָך איז ער נישט זיכער געוועזען.

— ווער וויים, — זאָגט ער, — ווער וויים! אחרימון איז חיטרע, זעהר חיטרע! פּיפיג, ווי עס קען נאָר זיין!... כל זמן אחרימון האָט געפיהרט איין אָפענעם קריעג מיט הור-מוזען, בין איך זיכער געוועזען, אַז עס מוז קומען אַמאָל הורמוזעס עביג-לאַנגער טאָג, נאָך וועלכען עס וועט קיין נאַכט שוין מעהר נישט זיין! איך האָב אָבער בעמערקט — — —

— וואָס האָסט דו בעמערקט?

מיר זעצען זיך אויף אַ באַנק, (עס איז זומער און אין אַ גאָרטען געוועזען) אין דער אַלטער פּערס זיפצט.

— איך האָב בעמערקט, — זאָגט ער — אַז אחרימון האָט זיין טאַקטיק פערטוישט און איז ווירקליך שוין געפעהרליך געוואָרען... ער שווינדעלט! ער פערשטעלט זיך! ער מאַכט זיך פאַר הורמוזען אונטערטהעניג, האָניג גיסט זיך איהם פון מויל, און נאַרט איהם אָב פון קאָפּ ביז פיס... הורמוז, דער גוטער, לאָזט זיך גענאַרען...

— איז עס מעגליך?

— הער, — מאַכט דער פּערס, — איך וועל דיר אַ פּאָר ביישפּיעלען געבען פון זיין טאַקטיק:

אָט, למשל, פערצייטענס, אַז הורמוז האָט געוואָלט דער וועלט אַ גרויס פערגניגען מאַכען, איין איבעררּאַשונג, און בעשאַפען אַ זעלטען-שעהנע פרוי, פלעגט קומען אחרימון און, להכעיס, אַנריהרען זי מיט דער אומרייגער האַנד ביי'ם שטערן, ביי אַ באַק, און געגוג: — דער שעהנהייט וואַקסט שוין דערפון אַרויס אַ האָרן, אַ קרעץ... נאָר וואָס העלפט עס איהם? הורמוז דערזעהט עס באַלד, שיקט אַ שטראַהל פון זיין

גענאָד, דער האָרן פאַלט אראָב, דער קרעץ פערהיילט זיך, און די שעהנהייט ווערט נאָך שענער, נאָך ערהאַבענער... היינט טהוט ער אַנדערש: ער טהוט, גלייך ער איז צופריעדען און גליקליך מיט אַלעם, וואָס הורמוז טהוט!

ער חאַפּט אויף זיך אַ פראַק און אַ צילענדער, בעווייזט זיך פאַר דער פרוי און זאָגט מיט אַ זיסען שמייכעל: מאַדאַם (אָדער פריילין)! איך גראַטולירע אייך מיט מיין הערר הורמוזעס גענאָד! איהר זייט עס ווערטה... די גאַנצע שטערבליכע וועלט דאַרף קניען פאַר אייער אונשטערבליכער שעהנקייט!

און שוין! פון דער שעהנהייט ווערט אַ קאָקעטע, אַ קאַלטע הערץ־פרעסערין...

הורמוז, למשל, חאַפּט זיך אַמאָל אויף און דערזעהט, ווי איין אָרעמאַן אַרבייט שווער און האָט קיין פּרנסה נישט. אַ גוט הארץ האָט ער, געלד אין אוצר פעהלט נישט, חאַפּט ער עטליכע קאָפּיקעס אין אַ זעקעל און וואַרפט אראָב דעם אָרעמאַן...

פריהער פלעגט אחרימון שיקען גזלנים אָדער גנבים, אָדער אַ שׂרפה, אוועקצונעהמען דעם גוטען גאָט׳ס מתנה ביי׳ם אָרעמאַן. עס האָט אָבער נישט געווירקט: הורמוז הויבט אָן געבען און געבען, און וויל ער, שטעלט ער גאָר דאָס מזל ביי׳ם אָרעמאַנס טהיר, און דער ווערט רייך און גליקליך!

היינט טהוט אחרימון אַנדערש.

הורמוז האָט געגעבען איין אָרעמאַן עטליכע קאָפּיקעס, זעהר גוט! ער קריעגט זיך נישט מיט׳ן עלטערן ברודער! פערקעהרט, ער לערנט זיך גאָך אָב פון איהם, ער וויל אויך אַ גוטער ווערען! און ער וואַרפט צו דעם אָרעמאַן נאָך אַ פעקעל — און סאַמע גאָלדענע רענדלעך!

פון אָרעמאַן ווערט אַ גביר, דער זאַק מיט גאָלד וואַקסט, און, וואָס מעהר ער וואַקסט, מעהר מאַגנעט ווערט ער, מעהר ציהט ער צו זיך צו! און דער געמאַכטער גביר צווישען סאַמע אָרעמע לייט, קען נישט זיין גליקליך! ער קען אפילו נישט

רוהיג שלאָפען... די אָרעמע לייט אָרום שלאָפען אודאי נישט!...

הורמוז וויל עמיצען געבען אַ גוטע זאַך, למשל — גבורה, אַ האַרץ פון אַ לייב! — אַזוינער קומט צו נוץ יעדעס פאָלק, יעדער צייט! —

פערצייטענס פלעגט אַחרימון וועלען אַזוינעם אומברענגען, קוילען — פלעגט ער איהם אָנשיקען גאַנצע מחנות מיט רוחות און שדים, זיי זאָלען איהם חאַפּען און עס זאָל פון איהם קיין זכר נישט בלייבען. נאָר הורמוז פלעגט נישט לאָזען: געגען די מחנות פון שדים און רוחות שיקט ער מחנות מלאכים, זיי פעריאָגען די שדים מיט די רוחות צוריק אין גיהנם אריין און דער העלד בלייבט העלד...

היינט פיהרט זיך אַחרימון אַנדערש —

הורמוז גיט גבורה, אַחרימון דערלעגט נאָך אַביסעל און פון אונזער בעשענקטען פון הורמוז ווערט איין אַוואַנטורניק, אַ פרא־אדם, ווייל עס שפאַרט איהם די קראַפט, דער איבערשפּאַנטער כח, און אויפ'ן אָרט פון נוצען, ברענגט ער דעם גרעסטען שאָדען!...

די זון געהט אונטער און דאָס איז די העכסטע צייט אַהיים צו געהן פאַר'ן פערד. ער געזעגענט זיך:

— נאָך דאָס — זאָגט ער, אויפשטעהענדיג, — וויל איך דיר זאָגען: אַ מענש דאַרף עסען, הנאה האָבען פון עסען, בעשאַפט איהם הורמוז אַ דאַרם — אַ קישקע; מען דאַרף זי נעטהיג האָבען, אָהן איהר איז נישט צו לעבען! וואָס טהוט אַחרימון? ער וועט דאָך ביי אַ מענש די קישקע נישט אויסשניידען — גיט ער צו אַ בלינדע קישקע, נאָך אַ שטיקעל! און דאָס שטיקעל איז שוין אַ געפעהרליכע זאַך, דערפון קרענקט מען שוין!

. . . . . . . . . . . . . . . . .

דער פערד איז אַוועקגעגאַנגען, און איך האָב געקלערט: צי איז ער נישט גערעכט?

הורמוז, אָדער דער יצר טוב, גיט אונז אַריין אַ געפיהל צו ליעבען אונזערע נאָהנטע, אונזער פאָלק, אונזער אָרעם פאָלק, פאַר וועלכען מיר ווילען אַרבייטען און אָפּפערן זיך; וואָס טהוט אחרימון אָדער דער יצר הרע? ער דערלענגט נאָך אַ ביסעל געפיהל, עס ווערט פון נאַציאָנאַליזם — שאָוויניזם, פון רייכען געפיהל איין עקעלהאַפטער שאַרלאַטאַנען־פּאַנאַטיזם, וואָס ווארעמט נישט און לייכט נישט, נאָר ברענט אין דער פינסטער און קען אונז אַליין פערברענגען!...

איין אָרעם פערוואָגעלטער נע־ונד׳ניק זוכט זיך אַ דאַך איבער׳ן קאָפּ, אַ רוהיג שטיקעל אָרט, וואו זיך אַנידער צו לעגען, וואו די ביינער אויסצורוהען, אום אויפצושטעהן מיט אַלע גליידער, צו דער נייער אַרבייט, — אַלע פאַר אַלע!... דעם געדאַנק האָט איהם איינגעפּלעסט הורמוז... וואָס טהוט אחרימון? ער מאַכט פון דאַך, פון רוהע־בעט, איין עבינען, הויכען צוועק, אַ אידעאַל און מיר...

מיר האָבען זיך צוריקגערוקט אויף אַ הונדערט און צוואַנציג יאָהר!

און עס איז ווירקליך אַ שאָד די צייט!

# דער וִכּוּחַ.

אין קראשינסקים גאָרטען. צוויי יונגע לייט.ביידע רעדען יודיש. נאָר איינער ליטוויש — דער צווייטער פויליש־יודיש. דער ערשטער פרעגט, דער צווייטער ענטפערט.

— נו, איהר זייט נאָך אַלץ נישט קיין ציוניסט?

— ניין.

— אַנטי?

— חלילה, פאַר וואָס אַנטי? מורא האָבען פאַר דער „גאַזעטאַ פּאָלסקאַ"?

— וואָס דען?

— איך ווייס צו וועניג!

— דהיינו?

— אָט... איך פלעג אַמאָל ערנסט דאַוונען... און דאָס דאַוונען איז — ירושלים און ירושלים! ארץ ישראל און ארץ ישראל!

ווייס איך אָבער נישט, צי האָט מען ירושלים און ארץ ישראל דעריבער נישט פערגעסען ווייל מען דאַווענט אַזוי פיעל; צי מען האָט נאָר דעריבער נישט אויפגעהערט צו דאַוונען — ווייל מען קען אָן ירושלים אין ארץ ישראל נישט פערגעסען?!

אין חדר פלעג איך לערנען: „ארץ זבת חלב ודבש" — אַ לאַנד — האָט מיר דער מלמד געטייטשט — וואָס פליסט מיט האָניג און מיט מילך — האָניג און מילך האָט אַ קינד ליעב דאָס לעבען! ווייס

איך? אפשר האָב איך מיך דעריבער דערפרעהט, אז איך האָב געהערט פון חבת ציון?

איך געדענק מיך גאנץ גוט יונגעל־ווייז... די שפּעטערע צייטען בעמיה איך מיך צו פערגעסען... קיין גרויסע האָפנונגען אויף שפּעטער האָט מען אויך נישט... און, אז עס ווערט נישט גוט אויפ'ן הארץ, אנטלויפט די נשמה צו די קינדער־יאָהרען, ווי א טויב אין טויבענשלאַג אריין... אי׳ ווייס נישט, אויב אַלע טהוען אזוי, איך טהו עס, און עס העלפט אַמאָל און פערטרייבט די מרה־שחורה... געדענק איך, ווי אַלע מיינע חברים פלעגען מיט שמחה וששון נאַכלויפען דער פּאָלקאָוואָי מוזיק. בכלל דעם מיליטער. אין וואַרשוי זעהט מען עס זעלטענער, איז עס מעהר אינטערעסאַנט — קינדער לויפען... מען קען זיך נישט זאַט אָנקוקען, ווי עס בליצט דורך די „שטיקעס" פון די ביקסען; זאַט אָנהערען די שטאַרקע, פעסטע מעשענע קולות, וואָס געהען ווי איינגעהמען א וועלט. איך איינער, געדענק איך, פלעג מיך נישט פרעהען. עס האָט זיך מיר געדאַכט, אז ווען עמיץ בעפאַלט מיך, מיין טאַטע־מאַמע, מיינע ברידער און שוועסטער, וועט דאָס חיל נישט זעהן, נישט הערען, און ווייטער מאַרשירען, און ווייטער שפּיעלען, און ווייטער געהן איינעמען די וועלט... און דערביי פלעגען מיר זיך צו בעווייזען טרעהרען אין די אויגען... פשוט פאַר קנאה: וואו איז מיין מיליטער, מיין מוזיק? אַז יענער האָט...

איך פלעג, מיט פערמאַכטע אויגען און א צורודערטער נשמה, אויסהערען מעשיות פון משיח'ס צייטען. דער „רבי" אין חדר פלעגט דערצעהלען, די באָבע אין דער היים, צי אין בית־המדרש — עלטערע יונגלעך. ווי ליעב האָב איך געהאַט דעם „מלך המשיח"! מיט אַלעם גוטען און טייערן האָב איך איהם בעקליידט און בעהאָנגען! ביי א רייכער מוהמען (זי איז שוין אויפ'ן עולם־האמת) האָב איך אָבגעריכען די פעריל פון האַלז. ביים גענעראַל, וואָס האָט געוואָהנט געגענאיבער — די ווייסע פעדערן פון איבער'ן קאַסקע... ביים כהן־גדול — דעם חושן ואפוד צוגענומען! איך ווייס? נאַקעט און באָרוועס וואָלט איך א וועלט

געלאָזט! אָבער נישט שטענדיג. טהייל מאָל האָט מיך מעהר גענומ'ן משיח בן יוסף, וואָס דאַרף אומקומען, גע'הרג'ט ווערען... און איך האָב אויפגעהויבען די אויגען צום הימעל: פאַר וואָס? פאַר ווען? און נאָך וואָס זאָל אײַנפאַלען די אײזערנע בריק? און איך פלעג טראַכטען: ביי יציאת מצרים האָט ער די מלאכים נישט געלאָזט זינגען: מעשי ידי — זאָגט ער — טובעים בים... און לעתיד לבא... אַזוי אָהן רחמנות? וואָס זענען זיי ערגער פאַר די מצרים?

— קינדער-געדאַנקען!

— עהרליכער ווי מענשען-געדאַנקען, און אמת'ער אויך! דאָס זענען די גאָלדענע פעדים, פון וועלכע עס שטיקט זיך ערשט אויס אַ נשמה פון אַ מענש, אַ פרישע ריינע נשמה...

נאָך געדענק איך: אין דער מערת המכפלה, געקויפט ביי די בני חת, וואָס האָבען מיט גוטע ריידעלעך אויסגעשווינדעלט ארבע מאות שקל כסף... אין דער מערת המכפלה זיצט אברהם אבינו, אָנגעלעהנט מיט'ן קאָפּ אויף דער מוטער שרה'ס שויס.. די הגדה דערצעהלט אַזוי... און איך זעה בחוש, ווי די מוטער שרה, מיט אַ קעפּעל ווי ביי'ן אַ ציטער-נאָדעל, זיצט און פיהרט מיט לאַנגע, נאָר דינע און דורכזיכטיגע פינגער, צווישען אברהם אבינו'ס זילבערנע לאָקען... אַזוי זיצען זיי און ביידע האָבען פערמאַכטע אויגען, און עפענען די אויגען וועלען זיי ערשט ביים שופר של משיח, ווען די טערקישע וואַרטע וועט פערשטיינערט ווערען פאַר שרעק...

און עס פלעגט מיך ציהען צו דער מערת המכפלה... צום זיידען, צו דער באָבען...

נאָר אויך נישט שטענדיג!

טהייל מאָל פלעגט מיך וואונדערן: פאַר וואָס טראָגט עס אברהם אבינו האָר אַ חוץ באָרד און פאות?

טהייל מאָל פלעג איך גאָר זיין פון הגר'ס צד, און וועלען דער מוטער שרה'ן אָבטהון אַ שפּיצעל! און איך פאַנטאַזיר הויך צווישען די חברים: איך וועל מיך אויסלערנען טערקיש, אַנטלויפען קיין ארץ ישראל, שטעלען מיך דאָרט פאַר

אַ זעלנער, און אַז עס וועט מיר אָנקומען צו שטעהן אויף דער וואַכט פאַר דער מערת המכפלה, וועל איך ביי נאַכט, אַז קיינער וועט נישט זעהן, שטילערהייט אַוועקשטעלען דעם ביקס, אַריינהאַפּען זיך אין דער הייל, אויף די נעגעל צוגעהן און געבען דער מוטער שרה אין געזעל אריין — — —

נאָר אַרויסזאָגען: „אַ שנעל”, האָב איך די העזה נישט געהאַט.

— בעסער אַ שמעק טאַבאַק! האָט דאָך עמ׳ץ אונטערגעחאַפּט...

— קונדסים!

— גוטע צייטען געווען!... און וואָס נאָך האָב איך געוואוסט פון ארץ ישראל?

צו כותל מערבי, האָב איך געהערט, קומט מען צוזאַמען מארבע פנות העולם וויינען, די וואַנד איז גליטשיג פון טרעהרען...

און איך האָב געגלוסט צו דער כותל מערבי... דאָרט אַ תשעה־באב! צווישען איין עולם מארבע פנות העולם וואַרפען בערעלעך!

מהיול מאָל איז מיר בעסער געפעלען די אילומינאַציע אויף ר׳ שמעון בן יוחאי׳ס קבר! ווייבער וואַרפען פון די אַקסעל אַראָב די מה־יערסטע פערשיעדענפאַרביגע טערקישע שאַלען, טונקען איין אין פעסער שמן־זית און צינדען אָן! — — אַ חוץ אַזוי הבדלות, ליכט און קאָליערטע פּאַפּירענע לאַמטערן! אַה!

נאָך. ביי אונז אויפ׳ן הויף — מיר האָבען דעמאָלט אויף דער פראַנציסקאַנער גאַס געוואָהנט — האָט געוואָהנט אויך אַ שוחט, אברהם מאַנים האָט ער געהייסען, אַ שם־דבר איז ער געווען דער אברהם מאַנים. ווען ער פלעגט מיך טרעפען, פלעגט ער מיך קנייפען אין בעקעל; איך בין אַ שטיקעל עלוי געווען און ער — איין אַלטער מתמיד! דעם נאָמען אברהם מאַנים, געדענק איך. נאָר פאָרשטעלען קען איך מיר איהם שוין נישט. פערמאַך איך די אויגען, זעה איך נישט מעהר, ווי אַ ווייסע, לאַנגע, זעהר

לאַנגע באָרד; זי איז געווען די לענגסטע אויף דער פראַנציִשקאַנער גאַס, די לענגסטע אין גרויסען מנין. טהייל מאָל זעה איך נאָך אַ רויטען האַלז-און-נאַקען פון הינטען, מיט אַ שטיק בעוואָקסען האַרץ פון פאָרנט — ער איינער פלעגט נאָך טראָגען איין אָפען העמד מיט נאָבגעלאָזטע בענדלעך... מעהר זעה איך שוין ניִשט... אָט דער אברהם מאַנים איז מיט דער צייט שוואַך געוואָרען אויף די אויגען, אַוועקגעלעגט דעם חלף און געקליבען זיך קיין ארץ ישראל —.

אין מנין איז געווען אַ רעש. לומדים האָבען געקלערט, צי מעג מען אויסמיידען משיח'ן, מען האָט אויפגעמישט הונדערטער גמרות און ספרים, אַהין און אַהער, — מען האָט זיך צושוויצט, צואַמפּערט... נאָר אַזוינע וכּוחים פלעגען זיין וועגען איין על חטא ביום כפּור שחל להיות בשבת, און פלעגען אַזוי לאַנג דויערן, ביז איין אַלטער מנין-יוד האָט זיך אויפגעשטעלט און פאַר'ן עולם עדות געזאָגט, ווי אַזוי מען האָט זיך נוהג געווען פאַר-יאָהרען! און אַזוי איז געבליבען דאָ אויך! דער מנהג איז, אַז ווער עס וויל פערשפּאָרען גלגול מחילות, פאָהרט קיין ארץ ישראל...

צווישען אונז יונגלעך איז אויך געווען איין אַנדער מין וכּוח... מען האָט זיך אָנגעשמעקט מיט השׂכּלה... איינער פון מיינע חברים האָט געלאַכט: „וואו מען מעג ווערען יעדנעראַל דאָרט איז ארץ ישראל” — יאָ! איהם פלעגט זיך שטענדיג חלומ'ען אַ רייטפּערד מיט עפּאָלעטען!

און אין דער היים ביים וואַרעמעס האָט מען געקלערט: ווי אַזוי וועט אברהם מאַנים, דער אַלטער בטלן, מיט די האַלב בלינדע אויגען, טרעפען קיין ארץ ישראל? די מאַמע פרעגט: ווי אַרום פאָהרט מען קיין ארץ ישראל... דער טאַטע זאָגט: מן הסתם איבער קאָנסטאַנטינאָפּאָל... און וואו ליעגט קאָנסטאַנטינאָפּאָל? ווייט, ווייט! און מען האָט געשפּינען אַ מאָדנע געאָגראַפיע איבער טהאָל און בערג, נאָר די אַלטע מירל האָט זי איבערגעריסען. די אַלטע מירל איז געווען אונזער דיענסט און האָט געזאָגט, אַריינבריינגענדיג דאָס ציבעלע-פליישׁ, אַז

אויפ'ן הויף זאָגט מען אויף זיכער, אַז „ראָני" די אברהם-מאַניס'יכע פאָהרט מיט... „ראָני" וועט טרעפען, זאָגט די מאַמע. אַ־ע זענען מודה, אַז „ראָני" וועט אויפ'ן פייער נישט פערברענט ווערען!

דעם נאָמען „ראָני" געדענק איך דורך אברהם-מאַניסעס אַ גלייך ווערטעל. אַז ער פלעגט פון שחט-הויז אהיים קומען שפעט, פלעגט ער אָנקלאַפּען: קומי רוני בלילה!

און ליעב האָט זיך דאָס אַלטע פּאָר פאָלק געהאַט. נאָך ווי ליעב!

אברהם-מאַניס איז אינזער בעל-תקיעה געווען — —

און דאָס אָנטהון פלעגען זיי, אַ פּנים, האַלטען אויף איין בענקעל... און איינמאָל ראש השנה איז אברהם מאַניס געקומען צו די תקיעות אין ראָני'ס אַ העמד במקום אַ קיטעל! און האָט נאָך געשמייכעלט: „נישט-קשה אַזאַ טעות, ראָני איז אַ צדקת!" נאָר פאַרשטעלען ראָני'ן קען איך מיר אויך נישט; איך געדענק נאָר: אַ קליינע, אַ פרעהליכע, אַ דורכזיכטיג פּאַפּיר'ן נעזעל מיט אַ קול פון אַ פייגעלע. נאָר „ראָני איז אַ לייט, מיט איהר וועט ער זיך שוין דורכשלאָגען!"

געגען וואָס דערצעהל איך עס?

יאָ... ראָני איז צוריק געקומען פון קאָנסטאַנטינאָפּאָל...

זי איז קראַנק געוואָרען פאַר בענקעניש און פלוצים פחד בעקומען פאַר'ן ים... אברהם מאַניס איז ווייטער געפאָהרען... ראָני האָט איהם פערלאָזט!

אַז זי האָט צוריקצווועגס דערזעהן די ווייקסעל, האָט זי געוויינט פאַר פרייד! אין גאַס האָט זי ממש געטאַנצט — דערנאָך איז זי געלאָפען אויפ'ן בית-עולם אַרויס און געפּאַטשט אין די הענטלעך: מיינע ליעבע קברים, מיינע טהייערע קברים!.. און עליה השלום, דער באבען מיינע, האָט זי מיט גרויס נחת און מיט טרעהרען אין די אויגען דערצעהלט, אַז, געלויבט איז זיין ליעבער נאָמען, וואָס זי האָט זוכה געווען מיט איהרע אייגענע

הענר אָנצוריהרען די שיף, וואָס איז אַוועקגעשוואומען גלייך צום ארץ ישראל...

זי האָט אָנגעריהרט די וואַנד פון שיף און די האַנד געקושט, ווי ביי אַ מזוזה!

— ווייבערישע זאַכען!

— ניין, דו ביסט צו טרוקען, דו פערשטעהסט עס נישט: אַ ווייבערישע צי אַ מענישע, נאָר אַ האַלבע נשמה דאָ, אַ האַלבע דאָרטען...

— מען רעדט דאָך אָבער נישט פון אַלטע יודען און יודענעס, וואָס אַנטלויפען פאַר גלגול מחילות... נישט פון שטאַרבען, פון לעבען רעדט מען!

— איך ווייס? דאָס איז געווען נירסא דינקותא... חדר־זאַכען... און היינט וואָס ווייס איך? וואָס גיבען מיר די „בלעטער"?

איך לעז, וואָס עס לאָזט זיך לעזען... איך אַליין אויף פּאָליטיק פערשטעה מיך נישט... נאָר אַזוי, וואָס הערט זיך דאָרט?

איינער זאָגט: יק"א און ראָטשילד הרג'נען די קאָלאָניעס מיט זייערע שווערע פליגעל, וואָס זיי האָבען איבער זיי פערשפרייט... דאָס אפּוטרופּסות איז סם המות! עס וואָלט שוין לאַנג דאָרט פּתום ורעמסס — טפו! ווי דאָס גלות האָט זיך איינגעגעסען, איך מיין „איש תחת גפנו" געווען, און ווי ווייטער שטעהט... קומט אַ צווייטער און זאָגט: ניין, דער חסרון איז, וואָס מען וויל איבער נאַכט מאַכען פון אַ סוחר אַ פּויער... אומגעלערנט מאַכען... איין אַגראָנאָם־שוהלע דאַרף מען. עפּענט איין אַגראָנאָם־שוהלע וועט זיין ששון ושמחה... קומט דערנאָך אַ דריטער, אַ כתוב השלישי און זאָגט: וואָס ווילט איהר? פויגעל־מילך? עס געהט על צד היותר טוב! אַ מחיה! און באותו הרגע, ווי איך לייען עס, קומט אַריין איין אָרעמאַן... ווער ביסט דו? אַ געוועזענער קאָלאָניסט אין א"י ישראל...

פאר קליין און גרויס.

ער האָט דעם „חלב ודבש“, אפנים, נישט פערדייעט!

די שווייגען אַ ווײַלע, און דער ליטוויש־רעדער זאָגט:

— עס האָט זיך געמאַכט אַ נייע חברה צו שטודירען, אויס־צופאָרשען ארץ ישראל...

— בּאַ! וואָלט געווען איין עסק... קלאָרע דבורים!...

דען נאָך אַמאָל דאָס זעלבע: אויף פּאָליטיק פערשטעה איך מיך נישט... אַדיע!

— אַדיע!

# שמאי ראטמאן.

---

איהר קענט שמאי ראטמאן? געוויס! נעכטן, שטעלט אייך פאר, טרעף איך איהם אין גאס.

— שמאי! רוף איך, ער הערט נישט. איך מאך מיט דער האנד, ער זעהט נישט! ווי א גולם שטעהט ער. מיט אפענע, שטארע אויגען; איך חאפ איהם אן ביי'ם אקסעל:

— גאט איז מיט דיר, שמאי!

ער חאפט זיך אויף, ווי פון שלאף.

— א נייע אידעע! שמייכעלט ער.

א וואונדערליכע זאך די נייע אידעען! ווי דאס ווערט געבארען!

א מענש, ווי אלע מענשען: א פעריאגטער, וואס דארף, און גאנץ אפט, אלערליי געלדער — פרנסה-געלד, דירה-געלד, מלמד- און לעהרער-געלד, חוץ אנדערע געלדער, — אזא מענש פאלט פלוצים אוועק אין מיטען גאס — א גולם! איין אפען-מויל, אפענע אויערן — און ער הערט נישט, ער זעהט נישט און פיהלט נישט!

וואס איז? עפים אין מוח, אין א פינסטער בעהאלטען ווינקעלע, שפינט זיך און וועבט זיך א נייע אידעע.

און זי וועבט זיך און שפינט זיך אהן זיין ווילען, אהן זיין וויסען, און, מעהרסטענטהיילס, נישט פאר זיין טובה וועגען...

איך קען א סך, א סך מענשען, וואס אידעען האבען זיי איבערגעפיהרט...

ר א ו ב ן האָט געקלערט און געקלערט ביז ער איז געפּאַלען אויף אַ נייער המצאה, און איז אַריין מיט אייגען- און פרעמד-געלד...

ש מ ע ו ן האָט זיך איינמאָל פערטראַכט — פערטראַכטערהייט האָט ער זיך עפּיס אַרויסגעחאַפּט, און פון דעמאָלט אָן, יאָגט מען איהם און מען פּלאָגט איהם פון אַלע זייטען, מען וואַרפט איהם נאָך שטיינער אין גאַס...

ל ו י איז גאָר אַראָב פון זינען, און ווען נישט דאָס ווייב זיינס, וואָס לאָזט פון איהם קיין אויג נישט אַראָב, וואָלט ער שוין לאַנג געהאָנגען ערגיץ אויף אַ בוידעם.

י ה ו ד ה, חאָטש קיינער טשעפּעט איהם נישט, לויפט, צייט ער איז געפאַלען אויף עפּיס אַ וואונדערליכע אידעע, אַרום ווי משוגע אין די גאַסען, און שרייט „געוואַלד!"...

און ז ב ו ל ן, דעם מוזט איהר אויך קענען, זייט ער איז אויפ'ן קאָפּ געפאַלען, נעפעלט איהם נישט דאָס ווייב, קען ער נישט זיינע אייגענע קינדער. עסט ער נישט און טרינקט נישט, און געהט קריעה-בליעה — און וואָס וויל ער? געהט פרעגט איהם!

און פון דעסטוועגען, האָב איך אַ שרעקליכען חשק צו נייע אידעען! ווער ווייס? צווישען איבערגעדראָשען שטרוי קען זיך דאָך אַ מאָל געפינען אַ קערנדעל ווייץ, און צווישען מיליאַרדען נייע אידעען, קען זיך דאָך געפינען א י י ן אמת'ע אידעע.

און געפינט זי זיך, ווער קען איבעררעכענען דעם שאָדען, אָדער דאָס גוטס, וואָס אַ נייע אידעע קען ברענגען מיט זיך?

עס קען זיין אַ בליץ, וואָס וועט אויף אָרט און שטעל פערשווינדען... עטליכע שאָק בלינדע היהנער וועלען גאָר נישט וויסען פון איהם און לייקענען שטיין און ביין, און עס קען זיין אַ דונער! און אַ דונער איז שוין נישט קיין קלייניגקייט; ער קען אַריינשלאָגען אין זאַמד פון סטעפּ און אויסדרעהען נאָר אַ גלעזערן רעהרעל, אַריין אין ים און אויסגעהן ווי אַ ליכט; ער קען אָבער אויך אַריין-שלאָגען אין אַ הויז, און אָנמאַכען — גאָט ווייס

וואָס פאַר אַ שרפה... איידער עס קומט די פּאָזשאַרנע קאָמאַנדע, קאָן פון אַ שטאָדט נישט בלייבען אַ שטיין אויף אַ שטיין...

גאָט מיין איינציגער! אַ נייע אידעע קען דאָך נאָר ענטפערן אויף די אַלע ביטערע פראַגען, וואָס פרעסען אונז אויס דעם מוח פון די קעפּ; אויף די אַלע רעטענישען, וואָס דרעהען אונז, ווי די ענבער, אין די געהירן — ווער ווייס!

און דער, דער שטעהט פאַר מיר און שמייכעלט: אַ נייע אידעע!

איך חאַפּ איהם אָן ביי אַ לאַץ:

— זאָג!

— דאָ, אין מיטען גאַס?

איך דאַנק גאָט, וואָס מיר זענען נישט ווייט פון אַ קאָנדיטאָריי...

* *
*

נאָך עטליכע שלוק טהיי, ווייס איך שוין אין וואָס עס געהט.

די וועלט וועט זיך נישט איבערקעהרען, אויך וועט זי נישט פערברענט ווערען, עס וועט אפילו קיין שטורם-ווינד נישט זיין, וואָס זאָל דעם שטויב פון די גאַסען יאָגען אין די אויגען אריין...

שמאי ראַטמאַן וויל נאָר מאַכען אַ נייע חברה!

אייגענטליך — אויך גוט!

— פערשרייב מיך!

— שוין!? וואונדערט ער זיך, דו ווייסט נאָך נישט וועגען וואָס עס געהט!

— אַלץ איינס! זאָג איך — מיר דאַרפען נייע חברות; שלעכטע, גוטע, נאַרישע, קלוגע, אַבי חברות, אַבי עס זאָל נישט זיין טוידט, זאָל זיך רודערן... און אצונד זאָג וואָס דו ווילסט!

— איך וויל, — זאָגט ער, גרינגדען אַ חברה דענקער!
— דענקער?
— יאָ, איינפאַך, דענקער...
— נאָך וואָס?
— הער... נאָר, איך מוז האָבען אַ גאַנצע פאָררעדע.
— נאָך בעסער! פאָררעדען האָב איך ליעב ווי דאָס לעבען, וועניגסטענס — מעהר אַלס די ביכער... די פאָררעדע איז זעלטענער געגומען...
— דו מאַכסט חוזק, בעליידיגט זיך ראַטמאַן.
— און דו האָסט מורא פאַר לצנות? דו, אַ מענש פון נייע אידעען? דו דאַרפסט דאָך זיין גרייט אויף שטיינער, אויף פויסטען, אויף פייער און וואַסער...
— דאָס אַלץ — ענטפערט ראַטמאַן, שאַדט נישט! דאָס זענען, געוועהנליך, נאָר די הייווען, אויף וועלכע אידעען וואַקסען! נאָר חוזק מאַכען, דאָס שטעכען מיט נאָדלען, דאָס קען אַ מענש, האָטש ער איז גרייט צו אויטאָ־דאַ־פעען, איבערשרעקען...
— איז נישט, נו! איך שווייג שוין, דערצעהל!
און ראַטמאַן דערצעהלט.

* *

*

בעמערקט האָט ער, ראַטמאַן, אַז אַלץ האָבען מיר ליעב, נאָר נישט צו קלערען.
— ווי הייסט?
— גאַנץ איינפאַך, מיר זענען פויל, שרעקליך פויל! אַזוי צו ליעגען אויף דעם פרישען גראָז און יאָגען די וואָלקען אין הימעל...
אָדער, — האַק איך איהם איבער, — זיטצען און עסען און טרינקען.
— עט! מאַכט ראַטמאַן, עסען און טרינקען האָט מען וואָס אַ מאָל וועניגער, מען איז יוצא מיט אַ „יהי רצון”. — גלייך כען וואָלט געגעסען, גלייך מען וואָלט געטרונקען,

נאָר וואָלקען אין הימעל פעהלען נישט, און אַלע מעגען קוקען.

ליעגען מיר טאַקי און קוקען... טהייל שטודירען מכלומר'שט אַסטראָנאָמיע און צעהלען די שטערן: איינס, צוויי, דריי... ווי וויט איינער קען!

מאַכט זיך אַ שטורם, שפּרינגען מיר אויף די פיס, — דעמאָלט זענען מיר גרייט — צו ענטלויפען!...

וואו אַהין?

וואו דו ווילסט! רעכטס, לינקס, ווייטער אָדער צוריק, נאָר עמיצער זאָל זיין דער וועג־ווייזער, דער ערשטער לויפער, דער טריק (באָק)!.

מיר קענען געהן, מיר קענען, אַפילו מיט די געשוואָלענע פיס, לויפען, אַלץ־איינס וואו אַהין, נאָר צוויי זאַכען: ערשטענס זאָל זיין אַ טריק, און צווייטענס זאָל ער זיך נישט אָבשטעלען און נישט פרעגען אונז אַליין: וואו אַהין? קלערען האָבען מיר פיינד, טראַכטען איז סם!

אין יעדען אונגליק, אין יעדער שלעכטער צייט, קוקען מיר זיך אום, צי וועט זיך בעווייזען אַ זייל, פון פייער צי פון וואָלקען, נאָר אַ זייל, וואָס זאָל זיך פאַר אונז רוקען און ווייזען דעם וועג.

קומט אַ משה, לאָזען מיר שטעהן די טעפּ מיט פליש, מיט די ציבעלעס אין מצרים און געהען איהם נאָך אין מדבר אַריין; אין מיטען וועג ווילען מיר מאַכען איין אַנדערן ראש און — צוריק קיין גשן!...

משה פערזוימט זיך אויפ'ן באַרג סיני, אונזערע ווייבער האָבען צירונג, — אַהער! וועט זיין אַ גאָלדען־קאַלב!

אַ שלוק טהיי און ראַטמאַן רעדט ווייטער:

---

מען זאָגט, אַז צייטען בייטען זיך, נישט וואָהר! דער איינענער האַס צום קלערען, צום טראַכטען, צום מישב זיין, מיר זענען פויל ווי מיר זענען אַמאָל געוועזען.

מיר האָבען ליעב דעם שקר, נישט נאָר דערפאַר, ווייל ער איז אויסגעקעמט, אויסגעפּוצט און שמעקט פון פערפומעס, נאָר ווייל ער איז זיכער, און זאָגט אַלץ אויף זיכער, גלייך ער וואָלט דערביי געוועזען. אַ מזבח פאַר גאָט? — וואהל, קוילען מיר קעלבער! פאַר׳ן מולך — נאָך בעסער! קינדער צום פערברענען פעהלען נישט, — נאָר זאָגט בפירוש, וואָס איהר ווילט, קלערט נישט און הייכט נישט קלערען!

אמת וואָלטען מיר אויך אויסגעהאַלטען, נאַטירליך זאָל ער פריהער זיך אָבשניידען די נעגעל און נישט אויסדראַפּען, רעדענדיג, די אויגען; זאָל ער נישט אַרומגעהן נאַקעט און באָרוועס אין די גאַסען, חבר׳ן זיך מיט שניידער- און שוסטער-יונגען... נאָך עפּיס: אין וואָס וואָהנען מיר? אין שטרויענע, הילצערנע און ווען אַפילו שטיינערנע, נאָר אין אַלטע אויסגע-טריקענטע הייזער — זאָל ער נישט אַרומגעהן מיט׳ן פלאַקער פייער אין דער בלויזער האַנד... אַ קליין-ליכט׳ל אין אַ גרויסען לאַמטערן איז זיכערער... קאָליערטע גלעזער — שענער און בעסער! נישט דער אמת איז געפעהרליך! צי די ערד דרעהט זיך אַרום דער זון צי פערקעהרט, איז דעם רב מיט דער רביצין אַלץ איינס, נאָר ווי מען האָט געזאָגט, אַזוי זאָל זיין! נאָך וואָס גאָר קלערען אַנדערש!

די פראַגען, די רעטענישען, דאָס קאָפּ-ברעכען, דאַס האָט רב און קהל פיינד...

— וואָס האָסט דו זיך געהאַפּט אָן רב און קהל?

— און וועד איז בעסער? יעדער מענש, אַפילו דער שענסטער און דער בעסטער, לאָזט זיך איבער אַ שטיק אָרט אין מוח, אַ שטיק „קדשי קדשים”; אַהין לאָזט ער קיינעם און זיך אַליין נישט צו, דאָרט טאָר מען נישט אַקערן, נישט זייען, נישט ריהרען דעם אַלטען ווילדען דאָרן, וואָס צעוואַקסט זיך, ווי אויף הייוועז...

שלעכטע צייטען... ווייבער עמאַנציפּירען זיך, און ווילען די אוירינגלעך אויף גאָלדענע קעלבער נישט געבען: די נביאים זענען איינם ביי איינם געשטאָרבען, — דעם פראָפעסאָר פאַלב גערעכנט איין מאָל אויף הונדערט מאָל; מלאכים בעווייזען זיך

נישט; זייט די באַרשט האָט אַרויסגעיאָגט פון שטוב דעם בעזים, האָבען די כשוף־מאכעריגס נישט אויף וואָס צו רייטען. גורל־וואַרפען איז אויס מאָדע, עס פּאַסט פּאַר אַ יונגען באַקפיש צו רייסען בלעטלעך פון בעז: יאָ ליעב, נישט ליעב! אָדער פּאַר אַ שילער, ער זאָל דאָס זעלבע טהון אויף די קנעפּ פון מונדיר, נאָר דאָס זענען ליעבע־זאכען און פּאַר יונגע לייט... עלטערע מענשען, און למשל, בײַ געזעלשאַפטס־פראַגען, געהט עס שוין נישט!

וואָס־זשע טהוט מען? צולעגען קאָפּ גלוסט זיך דאָך נישט, האָבען מיר ערפונדען נייע כשוף'ן, נייע גורלות...

כללים הייסט עס, דעוויזען, קלינגענדיגע ווערטער!

וואָס איהר ווילט, אַבי נישט קלערען!

יעדער כלל, יעדער דעוויז, יעדעס קלינגענדיג וואָרט איז אַ שטיק'ל מאַגנעט, וואָס ציהט צו נשמות ווי שטויב!

דער שטויב פון נשמה'לעך, וואָס האַלטען זיך אָן איין מאַגנעט, איז אַ „רעדעל", אַ חברה, אַ פּאַרטיי!

אַ גוטע זאַך איז דער דעוויז, און ווי נוצליך איז אַ קלינגענדיג וואָרט! מען האָט דיר אויסגעהאַקט אַ שויב, און דאָס געשריי פון הונגעריגע וועלף רייסט זיך דיר אין שטוב אַריין און לאָזט נישט שלאָפען, — חאַפּ איין „איזם", אַ קלינגענדיגען „איזם" און פערשטעק דאָס לאָך, וועסט דו ווייטער רוהיג שלאָפען!

עס איז דיר אַ ווערעמעל מיט אַ קופּערן־פיסקעל אַריין אין אויער, פון אויער האָט זיך עס אַריינגע'גנב'עט אין די געהירן, און דלובעט, און דלובעט צום משוגע ווערען, חאַפּ אַ דעוויז, און הויב אָן שרייען, למשל:

די וואַכט אַם רהיין, די וואַכט אַם רהיין!

זינגען איז נאָך בעסער! דו מעגסט אַפילו קיין דייטש נישט זיין; שריי. זינג — דאָס ווערעמעל וועט איינשלאָפען...

האָסט ווייניג קאַנווע אין קאָפּ, דיר אויסצושטריקען אַ גאַנצען סיסטעם. — אַ קלייניגקייט! מאַך גרויסע לעכער און פערשטאָפּ זיי מיט דעוויזען, מיט קלינגענדיגע ווערטער און דו ביזט אַ גאַנצער פילאָזאָף, און דו פערשטעהסט הימעל און ערד, דיין אייגען לעבען — אודאי!...

— וואָס׳זשע ווילסט דו?

— איך וויל, — זאָגט ראַטמאַן, — מענשען זאָלען זיך נישט אויסרייסען די געזונדטע אויגען און אַריינזעטצען אויף זייער אָרט קאָליערטע גלעזלעך! מענשען זאָלען זיך נישט פער-שטופען הארץ און געהירן מיט קלינגענדיגע ווערטער און ווערטלעך; איך וויל — מענשען זאָלען קלערען!

— און דיין נייע אידעע?

— מיין נייע אידעע איז טאַקי צו גרינדען אַ חברה אָהן „איזמען", אָהן גלעזלעך... אַ חברה פון מענשען, וואָס זאָלען זיך נישט שעמען, אַרומצוגעהן אין גאַס מיט פראַגע-צייכען אויף די שטערען; וואָס זאָלען נישט איינרעדען, נישט זיך, נישט יענעם, אַז זיי מוזען אַלץ וויסען, אַז זיי וויסען אַלץ... אַז זיי קענען היילען קרענק...

— וואָס וועט די חברה טהון?

— קלערען וועט זי, שטודירען, אַלץ וועט זי וועלען וויסען, אַלץ דערגרונטעווען...

אַ חברה-מאַן, אַז ער הערט אַ קלינגענדיג וואָרט, פרעגט ער זיך און יענעם: וואָס בעטייט עס? וואָס זאָגט עס צו? און זאָגט עס עפּיס צו, צי האָט עס אַ זיכערע היפּאָטעק, צי מעג מען דערויף שטעלען?

אַ חברה-מאַן, אַז ער הערט אַ שפּרוך, פרעגט ער זיך און יענעם: פון וואָס בעשטעהט ער? וואו שטעקט דער כשוף? מיט וואָס ציהט ער צו?

און אויב ער זעהט, אַז עס איז אַ פערבלענדעניש, איין איינגערעדטע זאַך, שטעלט ער זיך אָב און בעווייזט רעכטס און לינקס, אַז עס איז אַ שקר!

ראַטמאַן דערהיצט זיך:

— יעדער חברה-מאַן איז מחויב צו ראַנגלען זיך געגען יעדען שווינדעל, געגען יעדען חלום, געגען יעדעם פוסטע וואָרט...

— און אויף דעם אָרט פון חלומות און פוסטע ווערטער? —

— וועט די חברה געבען נייע אידעען...

מיט איין וואָרט: ראַטמאַן וויל פאַרלעגן אַ פאַבריק פון נייע אידעען...

דאָס ווייסט איין גאָט!

יעדע פאַבריק דאַרף האָבען רוי מאַטעריאַל, — וואו וועט ער עס נעהמען?

און בשעת איך הער זיינע רייד, דאַכט זיך מיר, אַז איך זעה אַ וואונדערליך־בילד אין דער לופט.

אַ ווילד ברויזענדער ים — אַ שיף איז אין געפאַהר, איין פאַליע וואַרפט זי צו דער צווייטער; נישט ווייט זענען ריפען און פעלזען, זי קען זיך לייכט אָנשלאָגען און צערשמעטערט ווערען; און דער הימעל ווערט וואָס אַמאָל פינסטערער, די לעצטע שטערען פערשווינדען, די מענשען זעהען איינער דעם צווייטען נאָר ביים בליץ... און נאָך יעדען בליץ — געהט אַ דונער...

און נישט נאָר די שיפסלייט ווילען רעטען די שיף, — אַלע רייזענדע אַרבייטען מיט... קופּקעלעך דערשראָקענע מענשען, דערשראָקענע און דענערווירטע; אין מיטען יעדען קופּקעלע רעגיערט איין אַנדערער, הייסט טהון עפּיס אַנדערש, און דער עולם פאָלגט און אַרבייט מיט די לעצטע קרעפ־טען... און ווערט דער עולם מיעד, שרייט מען פון דער מיט אַרויס עטליכע הויכע, קלינגענדיגע, הייסע ווערטער, און דער עולם דערהיטצט זיך, בעקומט נייען כח, און אַרבייט ווייטער און ווייטער...

נאָר אָט רייסט זיך אָב איינער: —

— מען טהוט אָהן פערשטאַנד, אָהן וויסען, מען טהוט נאָר דורך קלינגענדיגע הויכע ווערטער — „איזמען”, און „איזמען” —

— קלערען דאַרף מען!

און ער בויגט אַוועק דעם קאָפּ אָן אַ זייט, די שיף קנאַקט, דער דונער שלאָגט און מענשען אַרבייטען מיט'ן לעצטען אָטהעם און ער — ער קלערט...

# וועגען געשיכטע

(אַ ביטערע הומאָרעסקע).

---

אַ בעקאַנטער יוד זעצט זיך נעבען מיר אויף אַ באַנק אין קראַשינסקים גאָרטען און פרעגט מיך, וואָס איך בין אַזוי טרויעריג.

— גרעץ איז עשט רבען! ענטפער איך איהם.

— ברוך־דין־אמת! מאַכט דער יוד — אַ היגער?

. . . . . . . . . . . . . . . . .

די פראַגע, וואָס 0% יודען וואָלטען געפרעגט אויף זיין אָרט, איז די מאָס, ווי טיעף עס איז דער תהום, אין וועלכען מיר זענען אַריינגעפאַלען! וועמען קען נישט דאָס יודישע וואַרשוי? ווער וואָהנט נישט אין דער נאַלעווקעס מח, ווער ליעגט נישט אויף דער וואַלאָווער צונג? פון וועמען רעדט אַלץ נישט דער אַריסטאָקראַטישער גרזיבאָוו?

וואַרשוי זאָל קלינגען דאַרף מען נישט דוקא פערשפיעלען ווייב און קינד אין דערדע, אָדער אַרויפקריכען אויפ'ן אויאַזדאָווער קלאָץ... עס איז גענוג, אַ דראָשקאַרסקע פערד צו זיין, און פאַלען איבער די שינעס פון טראַמוויי...

דאָך איז ווייניג אַ גרעץ צו זיין, די געשיכטע פון יודישען פאָלק צו שרייבען!

און, אַז מיין שכן ווערט פון מיר געוואָהר, וואָס גרעץ האָט געשריבען, מאַכט ער ערשט:

— אַה! היסטאָריע! און מיט אַזאַ קול, גלייך ער וואָלט בעוואונדערט עמיצין, וואָס האָט אויפגעגעסען 12 האַרטע אייער מיט אַמאָל.

און, אז איך שפרינג שיער פון דער הויט אַרויס, פרעגט ער גאַנץ נאַאיוו:

און וואָס האָט מען פון דער היסטאָריע?

. . . . . . . . . . . . . . . .

— איהר זענט אַ ייד? פרעג איך.

— דאַכט זיך! שמייכעלט ער, ווי איינער רעדט: אַ ביסעל מעהר פאַר דיר!

— איהר האָט עפּיס ליעב יודען?

— ווי דען! פיינט האָב איך?!

— איהר ווייסט, אז אלכסנדר מוקדון האָט געטראָפען אויף זיין וועג פון סאַמע נצחונות, אַ גאַנצע מדינה מיט סאַמע ווייבער?

— אַ שאלה דאָס איז! עס איז דאָך — דאַכט זיך — איין עין־יעקב, און אפשר האָט עס מיר דער רבי אין חדר דערצעהלט.

— איהר ווייסט, ווען מלכות בית־דוד און מלכות ישראל האָבען זיך צוטהיילט? ווען פון איין יודיש פאָלק איז צוויי געוואָרען?...

— ווען? וואָס טויג מיר צו וויסען ווען?... די מעשה שטעהט אין פסוק.

— און וואו איז אַהין געקומען מלכות ישראל?

— מלכות ישראל — האָבען־מיר אַ קיימא־לן — איז אויף יענער זייט סמבטיון...

— און וואו זענען אַהין געקומען די יודען, וועלכע מען האָט אַרויסגעטריבען פון היספּאַניען?

— זיי זענען זיך צולאָפען . .

— און די, וואָס מען האָט אַרויסגעטריבען 2 מאָל פון פראַנקרייך?

— וואו זאָלען זיי זיין! אַ ביסעל איז אודאי ערגיץ אוועק, און די רעשט האָט זיך צוריק אריין־גע'גנב'ט. אַ שאלה דאָס איז!

— איהר ווייסט, וואָס יודען האָבען געליטען, און ליידען ביז היינט אין פרס, רומעניען....?

— אין פרס, ווייס איך נישט; וועגען רומעניען דערצעהלט מען אַלע מאָל אין שוהל, פון הצפירה אַרויס; האָר און נעגעל שטעלען זיך קאַפּויער!

— און פון „קרייץ צוגע" ווייסט איהר עפּיס?

— פרעגט מיך עפּיס גרינגערס!

— איהר קענט נישט קיין דייטש?

— דייטש איז עס?! מילא, — פעהלט מיר אַ וואָרט?

— און „נושאי־הצלב"?

— וואָס איז דאָס פאַר אַ לשון?

— לשון־קדש! איהר ווייסט גאָר נישט, אַז דורך די נושאי־הצלב, אָדער קרייץ־ציגע, זענען טויזענדער יודען געהרג'ט, גאַנצע קהלות חרוב ונחרב געוואָרען...

— איהר מיינט אַודאי שנת ת"ח, חמיעלניצקי'ס צייטען!

— פון יודען אין מאַראָקאָ, ווייסט איהר עפּים?

— אין מאַראָקאָ? ניין נישט געהערט!

— און געוואָלט וויסען וואָלט איהר?

— באַ! וויסען! און וואָס איז דאָרט? אַנדערע מאָדע צרות? עס געהט אויף איין אַנדערן אופן? גלויבט מיר, — אומעטום איין וועלט... איך דאַנק גאָט אַז ד'פערגעס דעראָן. (פויזע. און נאָך אַ זיפץ:) — און זאָגט נאָר, איהר לייענט דאָך צייטונג, וואָס הערט זיך בעסער נייעס?

. . . . . . . . . . . . . . . . . .

— ניין — זאָג איך צו מיין שכן, — איהר האָט יודען נישט ליעב.

— אַ והאַ־ראיה? איך גיב קיין געלד נישט? ד'האָב נישט! די דייטשען האָבען — גיבען זיי!

— נישט דאָס מיין איך.

זעהט איהר, די טבע איז פון אַ בשר ודם, אַז ער וויל וויסען אַלץ וואָס ריהרט נאָר אָן זיינס אַ גוטען פריינד אַ קרוב. אַז איהר טרעפט, למשל, אַ קרוב, וועלכען איהר האָט שוין

עטליכע יאָהר נישט געזעהן, ווערדט איהר נישט מיעד אויסצו־פרעגען: ווי עס איז איהם איבער דער צייט געגאַנגען, וואָס ער האָט איבער־געלעבט; איהר פרעגט וואָס זיין ווייב, זיינע קינדער מאַכען. איז עמיץ פון הויז־געזינד קראַנק געוועזען, ווילט איהר וויסען אויף וואָס, צי האָט ער גרויסע יסורים געהאַט, ווי לאַנג עס האָט געדויערדט, וועלכער דאָקטאָר, צי וועלכער זנאַחאָר עס האָט געהאָלפען; אויב אַ דאָקטאָר — צי איז דאָס פלעשעלע געוועזען אַ רויטס אָדער אַ גריינס, און אפשר גאָר אַ ווייס... אויב אַ זנאַחאָר — צי האָט ער נאָר געזאָגט אָדער נאָך איינגעוויקעלט אין רויך. און נישט דוקא ביי אַזוינע וויכטיגע זאַכען... אַז איהר דערזעהט אויף איינעם אַ בעקאַנ־טען אַ ניי מלבוש, ווילט איהר וויסען, ווי טהייער ער האָט געצאָהלט איין אַרשין, וויפיעל שניידער־געלד; איהר הויבט נאָך אויף די פאָלע, צי מען האָט איהם נישט גענאַרט אויפ'ן אונטערלאַג...

— אמת — שמייכעלט דער יוד. אָס קען איך נישט לייקענען.

— יאָ — פאַל איך אַריין אין נצחון: — און, אַז איהר האָט ברידער, זאָג איך, אויף דער גאַנצער וועלט, ווילט איהר גאָר נישט וויסען וואָס מיט זיי טהוט זיך! און, אַז אייערע ברידער ליידען שוין טויזענדער יאָהרען, אינטערעסירט אייך נישט צו וויסען, וואָס אין דער גאַנצער צייט איז מיט זיי געשעהן.

— און פון דאַנען — זאָג איך וויטער — איז געדרונגען, אַז „עס כל ישראל אחיהם" פון ראש־חדש־בענשען, זאָגט איהר מיט דער אייגענער כונה ווי „לשנה הבאה בירושלים"...

. . . . . . . . . . . . .

— און אַז איך פיהל פאָרט, אַז איך האָב ליעב יודען!

— האָט איהר אַ טעות.

— גלאַט געזאָגט...

— איך וועל אייך אויסווייזען, נאָר ענטפערט מיר עהרליך אויף עטליכע שאלות.

— נו!

— איהר האָט ליעב אייערע קרובים?

— נישט אַלע.

— פאַר וואָס נישט אַלע?

— ווייס איך, וואָס איהר פרעגט! און אַז מיינס אַ קרוב מאַכט זיך נעבען מיר אַ מסחר, פונקט אַזוינעם ווי איך האָב, גלייך עם פעהלט מסחרים אויף דער וועלט, קריכט מיר אין וועג אַריין, רייסט מיר אַרויס דעם קונה פון געוועלב, דעם ביסען פון מויל, — זאָל איך איהם קיין שונא נישט זיין?... אָדער, אַז איך האָב — פון ווייב'ס־צד — אַ קרוב אַ שכור, אָדער אַ מחלל שבת בפרהסיא, — זאָל איך זיי ליעב האָבען?!

— און אַ חוץ זיי?

— אַ חוץ זיי — יאָ! אַלע קרובים, וועלכע איך קען!

— און די, וואָס איהר קענט נישט?

— ווייס איך נישט! איך האָב למשל אַ לייבליך שוועסטער־קינד אין אַמעריקאַ, איך האָב'ן קיין מאָל פאַר די אויגען נישט געזעהן!..

— האָט איהר איהם טאַקי... לעג איך איהם אונטער.

— פיינד נישט, נאָר ליעב אויך נישט. אַז איך קען איהם מיר גאָר נישט פאָרשטעלען! האָב ליעב אַ לאָך פון אַ בייגעל אַז איך קען איהם נישט!

— און יודען בכלל קענט איהר?

מיין „יוד" האָט זיך דערפיהלט ווי אַ מויז אין פאַל, ער וואַרפט זיך: אַט אַהין, אַט אַהער.

— פערפאַלען, זאָג איך, איהר האָט נישט ליעב דעם כלל יודען, וויל פון כלל יודען האָט איהר גאָר קיין בעגריף נישט! אַ לאָך פון אַ בייגעל! (פויזע).

— מיט וואָס, פרעג איך, האַנדעלט אַ יוד?

— מיט שפייז, ענטפערט ער פינסטערליך

— איהר לעבט שוין אויף דער וועלט אַ יאָהר 50?

— 45! פערבעסערט ער.

— זאָל זיין 45; אין אייער לעבען האָט איהר דערקענט אַ ביסעל נעהנטער אַ 200 יודען... פון זיי וואַרפט איהר האַלב

אין וואַסער אַריין, — די, וואָס זענען נישט פרום, די, וואָס זאָגן הודו פאַר ברוך־שאמר אָדער פערקעהרט... ווער שמועסט די וואָס דאַווענען גאָר נישט... אַפּיקורסים! — אין פייער אַריין... פון דער רעשט נעהמט איהר נאָך אַ שפּאָר ביסעל און וואַרפט אויף דער וואַנד: מיט איינעם האָט איהר אַ פּראָצעס, דער צווייטער אַ קאָנקורענט — קריכט אין דער לעבער, דער דריטער האָט אויף אייך אַ ווערטעל געזאָגט, דעם פערטען זענט איהר געלד שולדיג, דעם פינפטענס ווייב האָט זיך מיט אייער פּלונית'טע נעקריגט... די רעשט, וויפיעל עס בלייבט דאָרט, האָט איהר פיליייכט ליעב...

ער פערטראַכט זיך, קלערט נאָך און איך שמיעד דאָס אייזען אין דער היץ:

— ליעב האָבען הייסט קענען! ליעב האָבען דעם כלל ישראל, הייסט: זיין צוגעבונדען, נישט צו אַ 20—30 יודען, נאָר צו דער גאַנצער לענג פון אַלע דורות, און צו'ם גאַנצען היינטיגען דור, וואָס איז צושפּרייט און צווייעט... אַ פאָלק איז ווי אַ קאָנום...

— וואָס איז דאָס ווייטער?

— זאָל זיין ווי אַ הימעל־צוקער: אויבען — אברהם אבינו! וואָס אַראָב געהט אַלץ ברייטער און ברייטער... אונזער הימעל־צוקער... איז אומגענטליך נישט קיין ריכטיגע קאָנוס: אין מיטען האָבען די מייז אויסגעביסען, וואַסער אויסגענעצט... וואָס נידריגער, שפּאַלט זיך און צופליישט זיך אַלץ מעהר די פיגור... צווישען אונזערע פערשיעדענע טהיילען שווימען דורך וואַסערן, ציהען זיך סטעפּען, פערשפּרייטען זיך לענדער... — ליעב האָבען יודען הייסט: ליעב האָבען די גאַנצע פאָרם! ליעב האָבען הייסט: אַלץ קענען, אַלץ וויסען, אַלץ האָבען אין האַרץ, אין געהירן, אין בלוט!

. . . . . . . . . . . . . . . . . .

— מען קען נישט זאָגען, — מאַכט מיין שבן אַ פּאָר מינוט שפּעטער, — אינטערעסאַנט איז עס!

— עס איז — זאָג איך איהם — מעהר אַלס אינטערעסאַנט, עס איז אַ נעטהיגע זאַך. עס איז איינס פון די יסודות, וואָס דאָס

גאַנצע יודענטהום, דאָס גאַנצע „היטעל צוקער" שטעהט דערויף...

זעהט איהר, מיר זענען דאָך איין אַלט פאָלק, און דאָך זענען, אין דעם פאַך, אַנדערע פעלקער פיעל קליגער פאַר אונז. און נישט נאָר די אייראָפּעאישע פעלקער, וואָס שרייבען, לעזען און לערנען היסטאָריע; נישט נאָר די רוימער, די גריכען, די אַלטע געבילדעטע פעלקער, וואָס האָבען געהיטען זייער געשיכטע ווי איין אויג אין קאָפּ; נישט נאָר אפילו מצרים, פּרס־ומדי, וועלכע האָבען זייער היסטאָריע געקריצט אויף שטיינער, אויף ווענד, אויף פּיראַמידען, נאָר אפילו די אמת ווילדע, גאַנץ ווילדע פעלקער, האָבען אויך פערשטאַנען וואָס היסטאָריע איז.

די ווילדע שטאַמען אין אַפריקאַ און אַמעריקאַ, געהען גאָך אַרום נאַקעט, ווי אדם וחוה אין גן־עדן; טראָגען, פאַר שעהנקייט ווענען, מעשענע רעדלעך אין דער נאָז, פּראָש־שיסעלעך אין די אויבערשטע אָדער אונטערשטע ליפּען, לעדערנע בראַסלעטען אויף די פיס, הערנער אָדער געפליגעל־פעדערן אויף די קעפּ! זייער נאַקעט לייב איז אויסטאַטואירט מיט אַלערליי פאַרביגע פיגורען, בעשמירטע מיט פעטס. און אפילו די ווילדע מענשען, ווייסען שוין אויך אַז היסטאָריע איז נעטהיג! און, ווייל די מענער זענען עביג פערנומען מיט קריעג, פיש־חאַפּען און יאַגד, מוזען די ווייבער געדענקען אַלץ וואָס דער שטאַם האָט איבערגעלעבט און דערציעהלען עס ביי יעדער געלעגענהייט —

— אפשר איז עס טאַקי מנהג עבו"ם?

— און די תורה פון וואָס הויבט זיך אָן, נישט פון געשיכטע?

— אויף דעם שטעלט זיך טאַקי רש"י!..

---

— און צו וואָס דאַרף מען זי פאָרט די געשיכטע?

— איהר האָט עפּיס קינדערלעך? ענטפער איך מיט אַ פראַגע.

— ווי גאָט האָט געבאָטען!

— ווער איז — איך בעט אייך — קליגער, איהר אָדער אייער קינד, וואָס געהט ערשט אויף דער וועלט אַרום?

ער ווערט ערנסט.

— די אייער זאָגען שטענדיג, אַז זיי זענען קליגער פאַר די היהנער...

— אָבער די היהנער וואָס זאָגען? צי ווערט איהר געטרויען אַ יונגעל פון 6—7 יאָהר אייער פערמעגען, אייערע געשעפטען?...

— אוודאי נ י ש ט! משוגע בין איך?

— פאַר וואָס נישט?

— איך וואָלט מיר באַלד געדאַרפט אַ טאָרבע קויפען.

— וואָס איז, אַ זעקס יעהריג יונגעל קען קיין געשעפט נישט פיהרען?

— מן הסתם נישט! וואָס, פראַקטיקע האָט ער?

— און דעריבער אַ פנים, גיט מען דעם פאָר פאָלק נישט אַזוי געשווינד און נישט אויף אַמאָל אַרוים דעם נדן, ווייל צום האַנדלען דאַרף מען האָבען פראַקטיקע און דער יונגער מאַן איז ערשט פון אונטערן אויווען אַפער!

— אַודאי אַזוי!

— מען זוכט פאַר אַזוינעם אַ יועץ, איין עלטערן שותף.

— מן הסתם! איהר מיינט, אַז ביי פראָסטע יודען איז שוין גאָר קיין שכל נישט דאָ?

— חס ושלום! איך מיין גאָר נישט. נאָר זאָגט מיר, איך בעט אייך, אָבער מיט דער צייט, ווערדט אויס קינדער לייט?

— אַ ו ד א י! אַז מען זעהט אַ וועלט, מען קריגט פראַקטיקע, מען ווערדט געוואָהר, וואָס גוט און וואָס שלעכט איז, לערנט מען זיך אוים.

— זעהט איהר, אַ פלוסוף האָט געזאָגט, אַז דער נעכטיגער טאָג איז דעם היינטיגענס לעהרער.

— אויף דעם דאַרף מען אַ פלוסוף? אַ חדר יונגעל וויים דאָס פראַקטיקע! — די וועלט (זיפצט ער אָב) איז אַ טהייערער לעדרער!

— צו פראַקטיקע, דאַכט זיך, מוז מען האָבען זכרון?

— אַודאי —

— און ווען איינער, חס ושלום, ווערדט קראַנק, למשל, אויף אַ טיפוס, און פ ע ר ג ע ס ט אַלץ?

— איז מאַקי שלעכט! מוז מען אָנהויבען פון אַלף־בית...
דאָס אייגענע האָט דאָך ר' ששת'ן געטראָפען.

— און ווי איז, אַז איינער, רחמנא־ליצלן, האָט גאָר קיין זכרון נישט, ער איז געבוירען געוואָרען גאָר אָהן זכרון?

— עס טרעפט זיך דען?

— למשל!

— איז אודאי ביטער ווי גאַל; אַזוינער קען זיך גאָר נישט אויסלערנען, קען קיין מאָל נישט קליגער ווערען... אפילו ביי משותלח'ס יאָהרען... אָהן זכרון איז אָהן פּראַקטיקע.

— און אַ יונגעל פון 6 יאָהר מיט אַ זכרון קען זיין קליגער פאַר איהם?

— אַ ודאי!

— זעהט איהר! איין זאַך אָבער מוזט איהר נאָך פערשטעהן, אַז נישט נאָר אַ מענש, נאָר אויך אַ פאָלק דאַרף האָבען אַ זכרון! און אַ פאָלקס־זכרון איז די היסטאָריע! אָהן היסטאָריע — ווי אַ מענש אָהן זכרון — קען קיין פאָלק נישט קליגער, נישט בעסער ווערען. פון וואַנען זאָל דאָס פאָלק נעהמען „פּראַקטיקע", אין דער שלעכטער צייט — עצות און בטחון, אַז יעדער דור מיט זיינע צרות און נחת, חסרונות און מעלות, ווערען — „אָבגעשניטען און אָוועקגעלעגט", אַז וואָס אַריין אין גרוב איז אַרויס פון קאָפּ!

— ווירקליך, זאָגט ער, אין אַ שלעכטע צייט, פערלירען מיר די קעפּ, עפּיס ווערט פון אונז ווי אַ סטאַדע שאָף; ווער עס וויל און „נעהמט זיך הערנער", ווערט דער טריק; דער שליח צבור!

. . . . . . . . . . . . . . . . .

— פאָלגט מיך קויפט אייך גרעץ...

— און געלד? —

בין איך געבליבען אָהן תשובה —

# בּיי דִי פְּרֶעשׁ צוּ גַאסט.

---

קליין איז דאָס געמויזעכטס, קלענער פאַר מאָנטע-קאַרלאָ, עטליכע מנינים פרעש אין גאַנצען, און איך האָב עס ליעב. דאַכט זיך וואָס? קוואַ און קוואַ? און קווא איז וואַסער, דאַצו נאָך — אונריין וואַסער. עס דאַכט זיך אָבער נאָר אַזוי. הערט אַייך גוט אַיין צום קוואַ וועט איהר געוואָהר ווערען שאַטיערונגען, מאָדוליערונגען, הונדערטער קוואַ-וואַריאַנטען; עס צושפריצט זיך, ווי פונקען פון אונטערן האַמער, אויף טויזענדער בעדייטונגען.

פערהאַן קוואַ — פלעביסציט! דער גאַנצער זומפּ, אָהן אונטערשיעד פון גלויבען, נאַציאָן, געשלעכט און אפילו אַלטער. ווערען קלוג געבוירען די פרעש! פערהאַן קוואַ — מאַרסיליעזע: פרעש געהען אויף אַ באַסטיליע, פאַלען ווי די פליגען... פערהאַן אַ תשעה-באב'ער און אַ יום-כפור'דיגער קוואַ... און אַ שווערער קוואַ, נאָך ציבעלעס, קאַשע, קוגעל, פלייש, עס גרעבצט: „רבקה, קום רבקה..." און אַ קוואַ פראַנק, פראַנק, לייכטזיניג-קנאַקענדיג: „מאַרגאַריטאַ, פאַר וואָס האָסטו מיך נישט ליעב?" הייסט עס. — און אַ קוואַ צום הימעל אַרויף, צום בורא עולם, אַ שבח און אַ דאַנק פאַר'ן היימיש-ליעב-וואַרעם פאַטערלאַנד, לעבען זאָל עס! עס איז דען צום אויסרעכענען...

און דאָס קליינע פאַטערלאַנד פון פרעש, מיט דער אָפּיציע-לער קוואַ-שפּראַך און קוואַ-מוזיק, ציהט מיך גאַנץ אָפּט צו זיך. דערהויפּט זומער פאַר נאַכט... אין שטאָדט ווערט מען דער-שטיקט... דערשלאָגען פון גאַסען-געריך, מיט שוויים און שלעב-טע פערמוכע-געמישט: דער בלענד פון שילדען, שוי-פענסטער

און ברענענדיגע זינד־ און הונגער־ברענענדיגע אויגען, פערטויבט פון רעדער אין שפּיעל־קאַסטען — —

איהר ווייסט, וואָס שפּיעל־קאַסטען זענען? איהר מעגט ווימען, און זאָגען וועל איך אייך: שאַרמאַנקעס, קאַטערינקעס, אָדער ווי מען רופט זיי... נגונים זענען אַריינגע'כשופ'ט אין זיי: פון „סאַרגאַריטאַ, פּאַר וואָס ווילסטו מיך נישט קושען", ביז „לא אבדה תקותנו"!.. און אַ שפּאַלט האָט דער קאַסטען, פון אַ קופּער־גער צעהנער די גרויס, וואַרפסט אַריין און — וואָס דו ווילסט!...

ענטלויף איך, קוים לאַכענדיג צום געמויזעכטס...
זעץ מיך אויף דעם ראַנד פון קליינעם פאַטער־לאַנד...

. . . . . . . . . . . . . . . . .

שעהן זענען די פּרעש. סאַמעטן, גלאַט־גרין־גלאַנצענדיג די הויט. דער עיקר אָבער זענען די דריי מעלות וואָס עס האָט יער פּראָש:

1) זיי ווערען אין הייבעלעך געבוירען; שוין אזא מזל.
2) טוישען אַלע פיער וואָכען די הויט; ברויכען קיין ווייסע וועש. און — גאָטס גנאָד!
3) די בעוועגליכקייט פון דער אונטערשטער ברעם ביי פּרעש!

געשיהט איין עולה אין זומפּ — אין פאַטערלאַנד, אַ ציה אַרויף די אונטערשטע ברעם; בעסער ווי אַ שלאָף־מיץ איבער די אויערן; נ י ש ט געזעהן, ג אָ ר נישט!

. . . . . . . . . . . . . . . . .

און אַ בעקאַנטע האָב איך אין זומפּ, זעהר איין אינטערע־סאַנטע. שעהן — ווי גאָר אַ פּראָש קען זיין און דאַצו — קלוג! אחיתופל אַמאָל, ביסמאַרק ערשט נישט לאַנג — סטאָליפּין היינט, קיין פערגלייך.

— אַלץ — זאָגט זי — איז זומפּ.

קהלת האָט געזאָגט: אַלץ איז נאַריש; זי — אַלץ איז בלאָטע. אַלע לעבען אין בלאָטע. ציהען חיונה פון בלאָטע — געמויזעכטס...

— און די פיש! פרעג איך אַמאָל.

— טריעב וואַסער! — מעהר אָדער וועניגער קויט...

— זי האָט — זאָגט זי — דאָרט אויך מחותנים.

— און פויגעל?

זי האָט אפילו קיין ישוב נישט; גלייך דער שכל ליעגט איהר באַלד אויף׳ן שפּיץ צונג:

— לעבען אין דער לופט? און וואָס איז לופט? גיס אין מרחץ וואַסער אויף די שטיינער, ווערט פּאַרע — לופט... שטעל זומער אַ שיסעל וואַסער אויף׳ן פענסטער ווערט לופט...

געלערנט פהיזיק?

— און די סאַלאַמאַנדרע?

פערגלייסט זי שוין די אויגעלעך:

— ערשטענס — זאָגט זי — איז אפשר איהר נאַטור אַזוי, צווייטענס — זיך צוגעוועהנט, און דריטענס — איז עס אין גאַנצען אַ לעגענדע...

און טרילערט צו: קוואַ — קוואַ — קוואַ! וואָס האָט געהייסען אויף אונזער לשון:

— בלאָטע, בלאָטע, בלאָטע!

. . . . . . . . . . . . . . . . .

— מאַדאַם פראָש — זאָג איך איהר אַמאָל — איך וויל דיר דערצעהלען אַ מעשה׳לע!

— דערצעהל!

און אַ געטליך־פערכשופטער שמייכעל צולעגט זיך איבער׳ן גרין־גלאַנצענדיג־סאַמעטן פּנים׳ל.

— און אויב — גיט זי צו — עס וועט נישט זיין צו נע־פעלדיג־מאָדערן, וועל איך עס איבער־דערצעהלען צום דרוקען דעם הויפט־רעדאַקטאָר פון זומפּ־הויפּישען מאָניטאָר.

— איך וויים נישט... עס וועט, דאַכט זיך, שמעקען מיט קבלה...

זי פערקרימט זיך, ווי נאָך אַ לעק ציטרין און מאַכט רעזיגנירט:

— נו...

— א מעשׂה מיט א מיידעל א קאליקע...

נאָך א פערקרים.

— אָבער א זעלטענע קאליקע. זי קען די אונטערשטע ברעם נישט אראָבלאָזען, פערשטעלט איהר א האַלב אויג...

— נו?

— זעהט זי נישט וואָס עס טהוט זיך נידריגער פאַר'ן אויג. קען, אויף קיין פאַל, נישט קוקען אראָב. די אויגען זענען שטענדיג, פון געבוירענהייט אָן, בעוועגט אַרויף, נאָר אין דער הויך אַרויף...

— או — פע! חאַפּט זיך די דאַמע ארויס, — אזוינע מוז דאָך האַלטען אין איין פאַלען... זעהט דאָך נישט, וואָס אונטער די פיס טהוט זיך.

— עבען... און עס איז זי זעהר שווער געווען, אויסצו־לערנען געהן... וואַקעלט זיך, פאַלט, ווי איהר זאָגט. ערגער איז אָבער געווען דערמיט, וואָס זי האָט מיט דער צייט אויפגע־הערט צו זעהן און צו דערקענען איהר יונגער הויז־געזינד, שוועס־טערלעך און ברידערלעך...

— א סך געווען?

— נישט געצעהלט... שפּעטער, אַז זי וואַקסט אויף, זעהט זי שוין נישט די עלטערע, אפילו נישט פאָטער און מוטער...

— עה! רופט אוים די דאַמע און אינ'ם „קוואַ" — קלינגט עטוואָס שרעק, עטוואָס בעדויערן און דראָהען...

— און די עלטערן, און אַלע קרובים ארום זענען בייז: „האַלט זיך גרויס און פערשייט", זאָגען זיי, „זי וויל אונז נישט זעהן!"

— האָט מען זי ביי נאַכט, אין דער שטיל — דערוואָרגען?

— ניין. מען האָט געפּרובט זי שיקען אין שׂיהל אַריין. דעם לעהרער וועט זי דאָך זעה'ן! א הויכער, זיצט אויף א קאַטעדרע!

— און זי האָט'ן געזעהן?

— אַ קורצע צייט. דערנאָך — נישט אַ האָר; גראָד גאָהל־קעפּיג געווען אויך... האָט ער איהר געגעבען איבער די הענד. האָט זי געשריגען, האָט ער זי אַרויסגעטריבען, איז זי ענטלאָפען — —

— אַהיים?

— זי האָט מורא געהאַט, מען זאָל זי, ביי נאַכט, אין דער שטיל, נישט ווערגען — אין דער וועלט אַריין!

אונטער דער שטאָדט האָט זי אין דער לופט פויגעלעך דערזעהן... אַ מאַסע...

— פויגעלעך, פויגעלעך, נעמט מיך מיט.

זיי האָבען קיין צייט נישט. און קענען אפילו נישט ענט־פערן. פליהען צו די נעסטען צו די קינפּעטאָרענס אין די נעסטען, פול וואָרעמלעך אין מויל... פליהען זיי אַוועק שטילשווייגענדיג... קומט אָן צו פליהען איין אָדלער...

— אַזוי?

איין אָדלער מאַכט שטענדיג איין איינדרוק, אַ לופטיגער רינאַלדאָ־רינאַלדיני...

— אָדלער, אָדלער נעם מיך מיט!

— אויך קיין צייט נישט געהאַט? אויך צו דער נעסט?

— ניין. דער אָדלער איז אויך עפּיס עלענד געווען... איינער אַליין אויף אַ הויכען, מיט אַ וואָלקען אַרום־געגאַרטעלטען פעלז — האָט ער געוואָהנט...

— פון יענער הויך — זאָגט ער איהר — זעהען אויס, די אַלע, וואָס געהען דאָ, אויף פיער צי אויף צוויי, ווי מילבען...

— איך האָב פיינט מילבען — זאָגט דאָס קאַליקע מיידעל.

— נעם איך דיר מיט! זאָגט דער אָדלער, און ער טהוט עס...

— און ס'איז געוואָרען אַ לעבען! און איינס פון צווייען פערהעהלט נישט, בעהאַלט נישט, האָט קיין סודות נישט — אַ זיס לעבען?

— נישט שטענדיג...

כל זמן דער אָדלער פליהט און רעדעלט איבער איהר קאָפּ זעהט זי איהם... ליעבט זי איהם... דאַרף ער פּרנסה —

— לאָזט ער זיך אַראָב? א ו י ב ע ן נישט פערהאַן!

— עבען... פערליערט זי איהם פון די אויגען — —

אַ שטאָדט זייגער שלאָגט פלוצלונג: אַכט.

— פאַרדאָן, בעט מיך איבער די דאַמע אין מיט מעשה־לע. זי האָט אַ קאָנצערט אויף אָרעמע לייט אין זומפּ, שטעהט ביי די אַפישען און „ציור‟ — זי איז שוין דערינען...

און איך לאָז מיך צוריק, מיעד, פערדראָסען און זויער אין שטאָדט, אין שטוב אַריין, וואַרף מיך אויפ'ן בעט. עס שלאָפט זיך יאָ, עס שלאָפט זיך נישט. און בילדער, אָהן מיין ווילען, אָהן מיין וויסען כמעט, שלאָגען, יאָגען זיך, רייסען זיך, — ווייסט איין גאָט, ווי אַזוי... שווים, פער־פומעס, זינד־ און הונגער־אויגען, געמויזעכטס... שפּיעל־קאַסטען און ס'ווילט זיך אַזוי ענטלויפען פון דעם אַלעם —

— וואו אַהין?

איך ווייס נישט, ווער עס פרעגט נאָר אַ שטימע הער איך.

— ווען עס איז שלעכט אויף איין אָרט, געהט איבער אויף אַ צווייט אָרט... פון קאַלטען צפון צו די ריוויערע, פון ישוב צום סטעפּ, פון טריקעניש צום וואַסער; ווען עס איז אָבער ענג, קאַלט און שלעכט אין דער צייט, קען זיך אין קיין אַנדערער בעסערער נישט איבערטראָגען...

— פאַר וואָס נישט פאָהרען אין דער צייט? שריי איך אויס. פאָהרען נישט היסטאָריקער צוריק ביז אדם וחוה אָהן די גאַרטלען אין גן עדן? פאָהרען נישט נביאים פאָרווערטס ביז צום שעהנעם יונגעל וואָס פאַשעט מיט אַ רויזען־שטענגעל אַ ציג און אַ וואָלף צוזאַמען!

— איך וויל!

און מיין ווילען — געשיהט.

אַ מאָדנע קאָנסטרוקציע: נישט שיף, נישט קאַרעטע, נישט

לופט באַלאַן און אַלץ צוזאַמען, און עמיץ זיצט פון פאָרנט מיט אַ האַנד אויף אַ קנעפּיל.

— ווער ביסטו? — שריי איך אויס דערשראָקען

— קוטשער אויפ׳ן וואָגען פון דער צייט —

— פאָהר! אַן־אַוואַן! און איך שפּרינג אַרויף —

— קוואַ! הערט זיך אַ ליידענט אויסגעשריי. מאַדאַם פראָש פאָהרט מיט, איך האָב זי שיער נישט דערדריקט. מיר פאָהרען, ד׳פערגעס זי אפילו איבערצובעטען! דעם אָטהעם פערכאַפּט עס...

— — — — — — — — — —

ווייסט איין גאָט, וואָס פאַר אַ צייט!

מען נעמט שוין נישט קיין ברויט פון דער ערד, אויס פויערן, אויס פּריצים. די ערד געהער נישט צו קיינעם, און די ערד־פּסיכאָלאָגיע איז פערשוואונדען געוואָרען. אויס פאַטער־לענדער. פון גרינס, דער עיקר פון דערנער, מאַכען חעמיקער ברויט, דערהויפּט פון דערנער. מיר קאָנקורירען מיט די עזעל, נעמעזים: אַמאָל האָבען עזעל געגעסען און מיר — געהונגערט. און נישט נאָר ברויט, חעמיקער גיבען פיש און פלייש. קיין איינציג טהיער ווערט צוליעב אונזער מאָגען נישט געקוילעט, און צוליעב דעם מאָגען נישט אויפגעהאַלטען. די וואָס האָבען געפאָלגט דאַרווין און ספּענצער זענען געוואָרען מענשען, כסדר: נעגערן, ציגיינער, יודען, פאָלאַקען דערנאָך גאַנצע מענשען; אַנדערע זענען ערגיץ פערשוואונדען געוואָרען. אין מאַנכע מוזעאום געפינען זיך משונה׳נע ביינער: מען זאָגט פון חיות... און מיר עסען נישט נאָר טרינקען. אין פּאַריז ווערט שוין זאָגאַר נישט געטרונקען נאָר גערויכען. מען שמעקט פון אַ פלעשעלע דעם טעם פון פיש, פון פלייש, פון וואָס מען וויל... שפּייז געהט דורך דער נאָז. די ענגלענדער טראָגען אונטער די נאָז צווישען ביידע העלפטען וואָנסען גערוך־עקסטראַקט פלעשעלעך; שטענדיג אָפענע, און זענען שטענדיג זאַט... אויב עס עקזיסטירט נאָך אַ מויל, איז עס נאָר צום רעדען... חופה וקדושין, סעפּעראַציע און גטין האָבען אויפגעהערט. נישט דער מאַן שפּייזט דאָס ווייב, ווי אינ׳ם צוואַנציג־

סטען, און נישט דאָס ווייב — דעם מאַן, ווי אינם פינפאונצוואַנציג־
סטען יאָהר־הונדערט. יעדערער בעקומט על חשבון הכלל אַ פלע־
שעלע און ער שמעקט.

— — — — — — — — — — —

— און וואו זענ׳מיר אַ צונד?

— די צייט איז נאָך נישט געבוירען געוואָרען, האָט נאָך דעריבער קיין נאָמען נישט.

— אַז זי וועט געבוירען ווערען — זאָגט מאַדאַם פּראָש — וועל איך זיין קוואַטערין...

— קען זיין! בעשטעהט דער קוטשער.

איך קוק אַראָב: פולע טייכען אַרום?

און עפּים הער איך געשרייען:

— איז נישט דאָ קיין הונגעריגע צו זעטען? קיין לעבעדיגע צו דערפרישען? קראַנקע צו היילען?

און אַנדערע:

— ווייסט איהר נישט פון אונטערדריקטע מענשען, לענ־ דער, פעלקער, רעליגיאָנען — צום בעפרייען?

נישט דאָ!

אַלע קלוג — קיינער וויל נישט אונטערדריקען, ווייסענדיג, אַז די אונטערדריקטע שטאַרקען זיך און די אונטערדריקער פער־ געהען פאַר — וואהלטאָג... און וואו נעמט מען קראַנקע, אַז עס איז איינגעפיהרט געוואָרען מיעשעניקאָוום סיסטעם, און קיין איינ־ ציג גליעד שטאַרבט נישט אָב פאַר דער צייט. נאָר אַלע געהען אויס אין מאָס אין איין צייט, אַלץ לעשט זיך אויס צוואַ־ מען און איינער טויט נישט דעם צווייטען... קיינער שלעפּט נישט מיט זיך קיין טויט אָדער רויט גליעד... און די נשמה מיט׳ן גוף געהען אויך אויס מיט איין מאָל, ווי פלאַם און בוימעל אין אַ לאָמפּ. נישט פערהאַן קיין גופים אָהן נשמה און נישט פערקעהרט. און דעריבער אויך: קיין ווילען אָהן דער מעגליכ־ קייט אויסצופיהרען און קיין מעגליכקייט אָהן ווילען. פאַלשע אַפּעטיטען, פלירט, צווישען טאָג־און־נאַכט חלומות — פערשוואונדען! וכוחים האָבען גאָר אין גאַנצען אויפגע־

הערט. אַלע האָבען די זעלבע אינטערעסען, און אַז דער טעלעפאָן קלינגט, וועמען גלוסט זיך אויפצוהויבען? מען זיצט און מען גענעצט...

אַ לאַנד-, אַ וועלט-קרענק דאָס גענעצען. „שלום עליכם" איז אַראָבגעקומען און געלעזען — מען גענעצט!

— אַמאָל, — זיפצט איין אַלטער און גענעצט — פלעגען לייבען, בערען בעפאַלען — אַזוי דערצעהלט מען.

— און היינט?

— עלעקטריש אויסגעשאָסען! אַלע שעדליכע טהיערע...

— און די אָדלער? פרעג איך.

— ביז צו איינעם.

— ביי איינעם איז געוועזען אַ מיידעל, צי אַ ווייבעל אַ קאַליקע מיט האַרטע אונטערשטע ברעמען...

— קען זיין — אין דער היסטאָריע ווערט דערמאַהנט, אַז דער לעצטער אָדלער איז אַרום-געפלויגען אַרום ביינער פון אַ מענש... אַ זכר צי אַ נקבה, ווייסט מען נישט און (ער גענעצט) אַלץ איינס...

— און עס איז שוין — גענעצט ער — קיין ערד-ציטערניש נישט געוועזען...

— טרייב קוטשער, טרייב!

— — — — — — — — — — — — —

— אַ יריד?

— ווי האָט איהר אין אַזאַ צייט — האַנדעל?

— טרייבען זיך רוחות אַרום?

— פון רוחות שוין לאַנג קיין זכר נישט!... אַפילו קיין קיילעכדיגע טישלעך צום קלאַפּען.

— ווי'לען מיר אַראָב זעהן, איבערלאָזען דאָס קנעפּיל ביי מאַדאַם פראָש אין דער האַנד?

— דאָס נישט. די צייט פאַר פרעמדע איז עס נאָך נ י ש ט... מען וועט אייך צורייסען. קוקט בעסער פון דער הויך.

ער דערלאַנגט מיר אַ פערגרעסער-גלאָז:

עס ווימעלט דער מאַרק!

וואָס אין אַזאַ צייט קען זיך טרעפען?

אַז עס איז אין פראַנקרייך אַרויס די גזרה קעגען די גלחים, האָט זיך אַ גלח, פאַר האַרץ-קלעמעניש אָנגעזאַפּט מיט שאַר־טרעס, און ערגיץ אין וויין-קעלער איינגעשלאָפען. פון פראַנקרייך איז אָהן די גלחים, ווי פון הישפּאַניען אָהן יודען — אַ באַרג אַש געוואָרען. אָן גלח האָט מען פערגעסען, ליעגט ער אין לעטאַרג; געהט איינער פון דער געגעץ-מדינה און גראבט זיך, אַבי עפּיס צו טהון, לעבענדיגערהייט אַ קבר, געפינט ער׳ם, טראָגט׳ם אין מאַרק אַריין, חאַפּט זיך דער צושאָקעלטער גלח אויף —

פרעגט מען איהם, ווי לאַנג ער שלאָפט; ווייסט ער נישט.

— האָט מען אין דיינע צייטען אויך געגענעצט?

דערמאַהנט ער זיך.

— יאָ: לאָרדען אין ענגלאַנד —

— און אַזוי?

— נישט...

— וואָס פלעגט מען טהון?

— כל זמן די גלחים זענען געוועזען האָט מען געדאַ־ווענט; געווײלט זיך אין קלויסטער...

— בטלנות!

— קאָנצערטען, אַזוי און אויף אָרעמע לייט... שפּיעל־קאַסטען פלעגט מען אַרום-טראָגען אין די גאַסען...

— מיר האָבען קנעפּלעך, מען גיט אַ דריק, הערט מען וואָס מען וויל, און דעריבער — וויל מען נישט, אָדער מען הערט און מען געגעצט...

— פּאָעטען פלעגען זיך פרעהען מיט זאָנען-אויף- און אונטערגאַנג...

— ביי אונז איז שטענדיג זון. אַ וואַכענדיגע ביי טאָג, אַיין עלעקטרישע ביי נאַכט.

— ווינטער אין די גרויסע קעלטער פלעגען אָרעמע לייט נחת האָבען, אַז זיי האָבען אַרויסגעשטעקט אַ פוטער פון אונט

דער קאָלדרע און צוריק אַריינגעכאַפּט ; איין אַנגענעהמען ציטער געכאַפּט .

— מיר האָבּען קיין „וואָרם" און קיין קעלט . מיר האָבּען דורכגעגראָבּען די ימים און די טריקעניש, און צוטהיילט די עלעקטרי אַזוי אַז אומעטום מעסיגע טעמפּעראַטור .

— איך געדענק נאָך אַ זאַך — זאָגט דער מאָנאַך — נאָר עס חלש'ט מיר ס'האַרץ : גיט מיר אַ ביסעל וויין .

ער האָט וויין-פּולווער געשמעקט , בעדוייערט דאָס אויג , דאָס האָט פון וויין קיין נחת נישט , און געזאָגט :

— מיליטער פּלעגט מאַרשירען איבער גאַסען . דער עולם , יונג און אַלט , פּלעגט נאָכלויפען פרעהליך לעבענדיג און יאָכצען . . .

— וואָס איז אַזוינס מיליטער ?

— סאָלדאַטען מיט מונדירען און געוועהר , אָפיצערען מיט שליפעס , אַקסעלבענדער —

— און וואָס איז אַזוינס מונדירען און די אַנדערע זאַכען , וואָס האָסט אָנגערופען , גלח ?

— גיט מיר נאָך אַ שמעק וויין , דען איך בין מיעד און מיין געדעכעניש — אָבּגעשוואַכט .

און מיט אַ בליהענדיגער נאָז האָט זיי אַלץ דער גלח פער- מייטשט . און אומר ועושה : שוין דאָ מיליטער מיט געוועהר , אָפיצערען , גענערעלער , איין אָבּערגענעראַל — —

און דאָס מיליטער מאַרשירט און גענעצט ; און דער עולם קיקט און — גענעצט .

— ביסט אַ ליגנער , גלח !

— ניין —

— עס איז דאָך מונדירען , אַקסעלבענדער , שליפעס , טרעסטען , געוועהר !

— געווים — נאָר אָהן סאָלדאַטען . . . איידער עס ווערט בלוט פערגאָסען , איז דאָס מיליטער קיין מיליטער נישט !

גיט זיך דער עולם אַרום אַ ריהר און עס ווערט אַ מהומה , אַ געלאַרם :

— בלוט זאָל פערגאָסען ווערען. בלוט! אַבי נישט גע־
נעצען... שיסט, שטעכט, קעפּט...

— וועמען? פרעגט דער אָבערגענעראַל —

— אונז, אַלע — אַבי נישט גענעצען! אַבי נישט גענעצען!
פאָלקס־ווילען איז גאָטס ווילען —

— יאָ, דערמאַהנט זיך דער גלח, נאָך געווען גוטע
זאַכען: מעשיות... פון בת מלכה'ס... מיידלעך מיט אונטער־
שטע אונבעוועגליכע ברעמען —

זיין שטימע אָבער ווערט פערטרונקען אין געשיסעריי!

— ווייטער, רוף איך צום קוטשער מיט שרעק —
און פּלוצלונג האַפּט מיך אָן אַ ווילדע תאוה בלוט צו פער־
גיסען...

איך האַפּ מאַדאַם פּראָש און זווערג און ווערג, און
ווערג...

— דאָרט, וואו די צעדער!

וועקט מיך אַ שפּיעל־קאַסטען פון הויף. —

# דער פּרוש מיט'ן בער.

אַמאָל איז געווען אַ יוד, וואָס האָט נישט געקענט פער־טראָגען קיין עולות. איז ער געגאַנגען און האָט איבערגעגעבן דעם ווייב דאָס קלייטעל, וואָס ער האָט געהאַט, און איז געוואָרען אַ היים־זיצער, און איז געזעסען פערמאַכט אין שטוב על התורה ועל העבודה, הן אין נגלה, הן אין נסתר...

האָט ער אַ פנים אין דערהיים, צווישען אייגענעם הויז־געזינד, אויך עולות געזעהן, האָט ער זיך מישב געווען און איז גע־וואָרען אַ פרוש — פערלאָזט די היים און געזעצט זיך לערנען אין קלויז. זיצט ער אין קלויז.

יאָגען איהם אָבער די עולות נאָך און קומען צו איהם אין קלויז אַריין. אַפילו ביי נאַכט, קומט אַריין זיך אָנוואַרעמען אַ נאַכט־וועכטער, איין אורח קומט שלאָפען, צי אַזוי — אַ יוד קען נישט שלאָפען און פערבלאָנדזיעט אין קלויז אַריין, זעצט מען זיך בייס אויווען און מען רעדט... און פון וואָס מען זאָל נישט רעדען, הערט אַלץ דער פרוש עולות און עולות.

איז ער זיך ווייטער מישב און פערלאָזט די שטאָדט און לאָזט זיך אין דער וועלט אַריין, אויסזוכען אַ שטאָדט אָהן עולות; געפינט ער נישט: איין וועלט אומעדום.

פערלאָזט ער דעם גאַנצען ישוב. געהט ער וואַלד אויס, וואַלד אַיין, איבער בערגער און טאָלען, ביז ער קומט צו צו אַ וואַסער. ווי דער טייך הייסט, האָט ער אַפילו נישט געוואוסט, נאָר ביי'ם טייך איז געשטאַנען אַ חורבה פון איין אַלטען פאַלאַץ, ווייט פון שטעדט און דערפער. האָט ער זיך דאָרטען בעזעצט און אָנגעהויבען עוסק צו זיין אין קבלה.

פון עולות קען מען אָבער נישט ענטלויפֿען ... פֿון צייט צו צייט צולאָזט זיך דער טייך, קעהרט איבער שיפֿלעך, רייסט אָב פֿון דער יבשה שטיקער לאָנקעס מיט גראָז, שטיקער פֿערזייעטע פֿעלדער... און צווישען די פֿיש איין עביג געשלאָגעריי! לאָזט עס איהם נישט רוהען, נישט שלאָפֿען און ענטלויפֿען האָט ער שוין נישט וואו אַהין...

ליעגט ער אַזוי און טראַכט, און טראַכט: ער וויל דער־געהן, פֿון וואַנען עס נעהמען זיך גאָר אין גאַנצען די עולות?

פֿאַלט איהם איין, אַז די עולות קומען דערפֿון, וואָס די נשמה פֿון דער וועלט איז אַיינגעשלאָפֿען... און עס איז נישט אַזוי ווילד, ווי עס דאַכט זיך.

למשל: דער עולם קטן — אַ מענש. כּל זמן די נשמה איז וואַך, טהוט ער וואָס עס טויג איהם, פֿלאַן־מעסיג, על פּי שכל, אַלע אברים פֿאָלגען די נשמה. שלאָפֿט אָבער אַ מענש איין, די נשמה — דער מושל איבער'ן גוף, דרימעלט איין, הויבט אָן דער גוף צו וואַרפֿען זיך אָהן סדר. אָהן אַ ציעל און יעדעס אֵבר פֿאַר זיך, איין האַנד אַהין, די אַנדערע אַהער, דער קאָפּ בעזונדער, דאָס לייב בעזונדער — אָהן שכל... און מען קען גע־שעדיגט ווערען...

עולות זענען אָהן שכל... די וועלט וואַרפֿט זיך, צאַפּעלט אָהן אַ סדר; און די נשמה פֿון דער וועלט איז אַיינגעשלאָפֿען, און יעדעס שטיק וועלט טהוט זיך זיינס, נישט לטובת הכּלל...

איהר פֿערשטעהט? יאָ צי ניין, אַזאַ געדאַנק האָט ער געהאַט.

קומט ער צו דער דעה, אַז איין פֿלאַן איז פֿערהאַן: די נשמה פֿון דער וועלט צו וועקען. חאַפּט זי זיך אויף — וועט ווערען אַ סדר, וועט אויפֿהערען דאָס צאַפּלען, דאָס רייסען זיך, דאָס שלאָגען זיך צווישען די אברים פֿון דער וועלט...

ווי אַזוי אָבער וועקט מען די נשמה פֿון דער וועלט.
אויף דעם זענען פֿערהאַן עצות אין די היילינע ספֿרים...
מען דאַרף טהון וואָס מען דאַרף, זאָגען וואָס מען דאַרף.

דערצו אָבער דאַרף מען כונה, מען מוז זיך אָבגעבען דערצו מיט'ן גאַנצען האַרץ מיט מסירת נפש, אַז נישט צופליהען זיך די ווערטער אין אויר און גאָר נישט...

עס מוז בעשאַפען ווערען אַ זווינס, וואָס האָט פליגעל צו פליהען און — אַ נשמה, וואָס ווייסט וואו אַהין צו פליהען און וואָס דאָרט צו פערלאַנגען, כידוע...

מילא ביי טאָג איז נישט מעגליך. ער לאָזט זיך טיעף אַריין אין דער מחשבה — גיט ערגיץ אַ קראָה אַ געשריי, אַ פויגעל — אַ זינג, ערגיץ פון ווייט הערט זיך אַ קללה פון אַ פויער ביים אַקער אויף דער האַרטער ערד, וואָס איז איהם פוגם דאָס אייזען — נאָר ביי נאַכט, אַמבעסטען צו חצות...

טהוט ער אַזוי...

און ער פיהלט, עס געהט! נאָך אַ נאַכט, נאָך אַ נאַכט...

ווערט אָבער געוואָהר דערפון דער בייזער שר פון טייך. זאָגט ער: לאָ! עס וועט נישט שטיל זיין! און קוים לאָזט זיך דער פרוש טיעפער אין די כונות אַריין, גיט זיך דער שר פון טייך אַ וואָרף, הויבט דער טייך אָן צו זיעדען און צו רוישען און צו שלאָגען פאַליעס און צו רייסען די ברעגעס, עס ווערט אַ מהומה און דער פרוש פאַלט אַרויס פון דער מחשבה, ווי אונטען דער שיפער פון שיפעל...

זעהט דער פרוש, אַז ער האָט קיין אַנדערע עצה נישט, נאָר אָבצורוקען דעם טייך מיט'ן בייזען שר... דען אַליין אַוועקגעהן און זוכען אַ חורבה נישט ביי קיין וואַסער, ווילט זיך איהם נישט, ווער ווייסט, ווי לאַנג ער וועט זוכען, און צי ער וועט געפינען, און דערווייל וואַקסען די עולות און מאַכען חרוב די וועלט...

מילא, אַוועקצורוקען דעם טייך איז ביי איהם אַ קלייניגקייט, ער האָט אַ שם דערויף... האַלט ער עקסרא אַ תענית און נאָכ'ן תענית איז ער זיך פלוצלונג מתכוין צום שם און דער טייך רוקט זיך.

פאַר קליין און גרויס.

דער שר ווערט אַש להבה — נאָד פערפאַלען, דער שם איז אָבגעזאָגט, נוקם זיין וויל ער זיך אָבער, צורודערט ער שטאַרקער דעם טייך, עס ווערען גרויסע פאַליעס, האַפּט ער איין פאַליע און וואַרפט אַרויס אויף דער יבשה, צו דער חורבה צו, ווערט אויף דער יבשה פון דער פאַליע אַ בער, אַ שוואַרצער צוויטיגער בער, לויפט ער מיט פייערדיגע אויגען אַרום חורבה און ווען דער פרוש וויל האָבען כונה הויבט ער אָן ברומען און ברילען און וואַרפען זיך, אַז דער פרוש פאַלט ווייטער פון דער מחשבה...

וואָס בלייבט איהם, דעם פרוש, צו טהון?

ער וועט דאָך נישט הרג'נען דעם בער! אָנהויבען מיט איין עולה? דען באמת, וואָס איז דער בער שולדיג? ער לעבט, זאָל ער לעבען!

פאַלט איהם דעם פרוש איין, דעם בער רוהיג צו מאַכען. מאַכען אַ לייט פון בער! זאָל ער, האָטש אַ בער, וויסען וועגען וואָס עס געהט. ער וועט הויבען דעם בער, מתקן זיין און הויבען זיין נשמה ——

נעמט דער פרוש און געהט איינמאָל אין דער פריה אַרויף אויף אַ שפּיץ-חורבה, שטעלט זיך און קוקט אַראָב אויפ'ן בער.

דערזעהט'ן דער בער פון אונטען, ווערט ער מלא חימה, הויבט ער אָן רייסען מיט די פעדערשטע פיס די ערד, און ברומען, און ברילען, און שפרינגט אונטער מיט אַ שוימענדיג מויל און בלוטיג-פלאַמענדיגע אויגען.

מיט גרים-צאָרן קוקט דער בער אַרויף צום פרוש, מיט רחמנות אָבער און ליעבשאַפט קוקט דער פרוש אַראָב צום בער און עס ווערט אַ מלחמה צווישעןביידע פאָר אויגען, צווישען די אויגען מיט ליעבשאַפט און רחמנות און די אויגען מיט האַס און גרים-צאָרן.

זענען אָבער דעם פרוש'ס אויגען שטאַרקער און הויבען אָן גובר זיין די אויגען פון בער.

לאַנג, לאַנג האָט געדויערט די מלחמה, צווישען צוויי פאָר אויגען, צווישען צוויי הערצען און צוויי נשמות...

אָבער אַז די זון האָט זיך געהויכט אין מזרח זייט איז שוין שטיל געוואָרען. דער בער — אַז די זון איז געקומען אין מיט הימעל אַריין, איז ער שוין פאַר דער חורבה אויף אַלע פיער געלעגען, ווי איין אונטערטעניגער הונד, און אַז די זון איז אונטערגעגאַנגען האָט זיך דער בער שטיל אויפגעהויבען, אַרויפגעשיקט צום פרוש אַבליק מיט בקשה ותחנונים און איז צוגעגאַנגען צום טויער און האָט שטיל אָנגעקלאַפּט, און „געסקאָמליעט", ווי אַ הונד, מען זאָל איהם עפענען...

דער פרוש האָט גובר געווען, אונטערגעגעבען האָט זיך דער ווילדער צווייטיגער בער, זיין הינטיש „סקאָמלען" בעטייט: לאָז מיך צו דיר, ווי אַ הונד וועל איך דיר דיענען, צו דיינע פיס ליעגען, דיינע הענד לעקען, דיר געטריי אין די אויגען קוקען און טרעפען דיין פערלאַנג. און אַז דו וועסט דיך פערטראַכטען וועל איך ליעגען ציכטיג און שטיל, אפילו קיין פליעג נישט חאַפּען —

און דער פרוש האָט איהם געעפענט, און דער בער איז אַרויפגעגאַנגען צום פרוש און האָט זיך געלעגט שטיל צו זיינע פיס, און זיינע אויגען האָבען געזאָגט:

— דו ביסט מיין גאָט... איך האָף צו דיר, און גלויב אָן דיר... דיינע געדאַנקען זענען הייליג, מיט דיינע כונות וועסטו וועלטען איבערבויען...

און דער פרוש גלעט מיט ליעבשאַפט דעם בער, זיין היימיש געמאַכטען בער, דעם בער, וואָס גלויבט אין איהם — און פערטראַכט זיך, און וויל זיך אַריינלאָזען אין זיינע מחשבות, זיך מתכוין זיין צו דעם וואָס מען דאַרף, אויפצוועקען די נשמה פון דער וועלט...

ער האָט אָבער שוין נישט געהאַט פון וואָס צו טראַכטען...

ער אַליין האָט שוין די גאַנצע פריהערדיגע נשמה נישט געהאַט...

מיט וויפיעל דער בער איז אַרויף צו איהם, מיט אַזוי פיעל איז ער אַראָב צום בער...

און ער דערפיהלט אַ מיעדינקייט אין אַלע גליעדער, די ברעמען פאַלען איהם איבער די אויגען און ער הויבט זיך אויף און געהט וואַקעלדיג צו'ם געלעגער —

דער בער געהט איהם נאָך, לעגט זיך נאָהנט ביי'ם געלעגער —

עס ווע'לען קיין עולות נישט אויפהערען. דער בער איז געוואָרען אַ שטיק מענש, און דער מענש אַ שטיקעל בער —

און דער פרוש, וואָס שלאָפט שוין צוזאַמען מיט'ן בער, וועט די נשמה פון דער וועלט נישט וועקען. —

# דִי אַבְּטֶע אַבְטְהֵיילוּנג אין גֵיהִנוֹם.

---

מיעד, פערמאַטערט ליעג איך אויף מיין געלעגער און וויל זיך דערמאַהנען, ווי אַזוי דאָס האָט פּאַסירט:

אויף אַ פערזאַמלונג בין איך געווען, אַ רעדע געהאַלטען.

פלאַם פייער האָב איך געשיט! מיט פיילען געשאָסען... ווי מיט אַ בלויזען, שאַרפען שווערד האָב איך דעם עולם געפאַכט!

און איך רעד, און איך הער מיך צו צו מיינע רייד; און האָב נחת פון זיי! איך בין דער העלד, האַלט מלחמה פאַר אַלץ, וואָס איז שעהן און גוט. איך בין דער קעמפער פאַר פרייהייט און פאַר אַלע גוטע, זיסע און שעהנע זאַכען, וואָס ערוואַרטען אונז אין דער וויי טער צוקונפט, וואָס קומט דאָך אַלץ נעהנטער און נעהנטער צו אונז!

און איך רייס אַרונטער די מאַסקע פון׳ם שקר און שטעל איהם צום שאַנד־זייל; איך רייס פון איהם אַראָב די קליידער פון לייב, און שטעל איהם בלויס — פול קרעץ און וואונדען...

מיט אַמאָל דאָך בין איך פערשוויגען געוואָרען!

די קראַפט איז אָבגעשוואַכט, דאָס פייער אויסגעלאָשען, און די צונג אין מויל איז אַ שטיק בליי געוואָרען.

וואָס איז מיר אַזוינס געשעהן?

רעדענדיג האָב איך נישט ווילענדיג די אויגען אויפגעהויבען, און אַנטקעגען מיר איז אַ שפּיגעל געהאַנגען. און איך האָב מיך דערזעהן, מיינע אויגען דערזעהן: אַ שלעכטער גלאַנץ ברענט

אין זיי, אַ מאָרגנע פייער׳ל. נאָר נישט מיינע אויגען! און דאָך בעקאַנט זענען זיי מיר. אַמאָל האָב איך אַזעלכע אויגען געזעהן.

ערשט איצט דערמאָהן איך זיך, ווען.

אין אַ קאַזאַרמע האָט מען אַ זעלנער געשמיסען. זיינע ברי־דער, די סאָלדאַטען, וואָס האָבען די שמיץ געגעבען, האָבען אַזעלכע אויגען געהאַט, און די אויגען האָבען געזאָגט: היינט שמייסען מיר דיך, מאָרגען וועסט דו אונז שמייסען — און מיר שמייסען שוין פאַר מאָרגען אויך!

אין שפּיגעל האָב איך מיך דערזעהן! נישט ווי אַ צוקונפטס־העלד האָב איך אויסגעזעהן, נאָר ווי אַ געשמיסענער, וואָס שמייסט!

פערשוויגען בין איך געוואָרען... און די צוהערער? זיי האָבען פריי אויפגעאָטהעמט; זיי איז אַראָב אַ שטיין פון האַרץ!

אַזוי ווי די בהמות אין פעלד נאָך אַ שרעקליכען האָגעל האָבען זיי זיך געפיהלט! ווי קינדער, וואָס זיצען אין דער פינ־סטער, אַז מען ברעננט זיי פּלוצלונג אַ ליכט אריין! ווי הינקע־דיגע, וואָס שטעהען אונבעהאָלפענע אָנגעשפּאַרט אָן וואַנד, אַז מען דערלאַנגט זיי די קוליעס וואָס זיי האָבען אַראָבגעלאָזט און קענען זיך פריי בעוועגען.

און אַ יונגער מאַן חאַפּט אָן זיין פריילין ביי דער האַנד און פרעגט: „ערלויבט יעצט? ערלויבט?“ און זי שאָקעלט מיט איהר שעהנעם קאָפּ און ענטפערט מיט אַ זיסען שמייכעל: „ערלויבט! ערלויבט!“

און איך בין פון דער אסיפה אַנטלאָפען.

---

מיעד און צובראָכען ליעג איך אויף מיין געלעגער. די לבנה שוויםט און קוקט צו מיר אין פענסטער אריין.

דער שיין פון דער לבנה, זאָגט מען, איז מסוגל צו חשבון הנפש, צום אַריינקוקען אין זיך אַליין... איך שפּיי דע־

רויף! קען איך נישט אויף דער לבנה, שפּיי איך צו דער סטעליע...

אָבער וואָס איז דאָס?

צוויי אויגען שווימען אַרויס פון דער וואַנד און קוקען,

אַ כּשוף־מאַכערין די לבנה! איינס פון איהרע קונצען...

אָבער וועמעס אויגען זענען דאָס?

זענען דאָס די אויגען פון די זעלנער, וואָס שמייסען זייער ברודער, אָדער די אויגען פון די, וואָס פלעגען מיך אָבּ־האַלטען אויפ׳ן וועג פון איין מיראַזש צום צווייטען און פרעגען: ווילסט נישט אַ גלאָז וואַסער?

און די אויגען קוקען אויף מיר נישט מיט כּעס און נישט מיט קיין בעזונדערן חן. אַרום זיי בעוועגט זיך אַ ווייס, בלייך פּנים, אָט שווימען נאָך אַרויס אַ באָרד און פּאות ווי שניי, אַ ספּאָדיקעל... ענדליך אַ גאַנצער קאָפּ..

— ווער זייט איהר, רב איד?

הערט ער נישט.

— ווער זייט איהר, אַלטער?

בעוועגט זיך דער שאָטען און ענטפערט:

— איך? איך בין דער „שבט מוסר״!

געפעלט מיר דער וויץ. געה איך אַיין אויף דעם לבנה־שפּאַס און זאָג:

— שלום עליכם אייך, „שבט מוסר״!

ענטפערט ער מיר: „עליכם שלום״, ווי דער שטייגער איז, און ריהרט זיך און געהט נעהנטער צו צו מיר — —

אַ קליינינקער איז ער, דער „שבט מוסר״, אָבער אַ גלייבער. איינפאַכע מאַניערען, אין די אויגען תּמימות... נאָר קוקען קוקען זיי גלייך און זיכער, גלייך עס וואָלטען אויף דער וועלט קיין ספקות נישט געווען; גלייך אַלץ, וואָס מען זעהט איז אַזוי איינפאַך און זיכער... און זיין קול איז איינפאַך קלאָהר, אָהן אַ פאַרב, אָהן אַ ציטער. וואָרט פאַר וואָרט שיט זיך איהם פון מויל, ווי זאַמד, יעדעס וואָרט האָט זיין ממשות...

— דאָס ד׳זט איהר דאָך דאָס גיהנום בעשריבען?

— איך!

— און איהר האָט'ם ריכטיג בעשריבען? נישט צוגעלעגט נישט אַראָבגענומען? איהר מוזט דאָך איצט וויסען, מיט אייגענע אויגען געזעהן!

ער בעליידיגט זיך נישט, און ענטפערט אויסמיידענדיג:

— איך האָב איהם אויך ביים לעבען געזעהן.

— ביים לעבען?

— געוויס.... אין חלום...

— און עס איז ווירקליך אזוי ווי איהר האָט עס אויסגעמאָלט, ווי איהר האָט עס אין חלום געזעהן?

— עס איז גרעסער געוואָרען... מען האָט צוגעגעבען איין אכטע אָבטהיילונג...

— נאָך וואָס? פאַר וועמען?

— ווילסט וויסען?

---

— די אַכטע אָבטהיילונג, — דערצעהלט דער „שבט מוסר" — איז פאַר דיר און פאַר דיין גלייכען צוגעקומען; פאַר אַלע גייע זינדיגע, פאַר די „מאָדערנע" ווי איהר רופט אייך...

— וואָס איז דער אונטערשיעד?

— הער: אַמאָל איז צווישען גוף און דער נשמה אַשטענדיגע מלחמה געווען. די נשמה, אַטהייל פון זיין ליעבען נאָמען, האָט זיך אַלץ צום הימעל געריסען, ארויף, אַרויף צו דער הויך האָט זי אַלץ געוואָלט; און דער גוף, דער שמוציגער גוף, די „טפה סרוחה", האָט אַלץ געצויגען אַראָב, אַראָב, זינקען האָט זיך איהם געוואָלט, זינקען אין שמוץ און אין מיאוס'קייט... האָט מנצח געווען די נשמה מה טוב! האָט אָבער גובר געווען דער גוף? נו, האָט דער גוף זיין פּסק געקריגען. ער האָט דאָך געזינדיגט!

מיט וואָס קען מען שטראָפען אַ גוף? מיט הייסע ברענענדיגע סמאָלע, מיט פייער, מיט וואַסער, מיט שלאַנגען, מיט

ענדישען און מיט אַלערליי קאַטאָרזשנע ארבייט אין מדבר, אין וואַלד, אין חורבות פון הייזער, וכדומה.

דערצו האָט מען די אַלטע „שבעה מדורי גיהנום" בעשאַפען, זיבען אָבטהיילונגען, און יעדער פלעגט אין זיין אָבטהיילונג איבערקומען זיין פסק און זיין צייט.

היינט אָבער זענען אַנדערע צייטען געוואָרען און — אַנדערע זינד...

די נשמות מאַכען אַבונד... די נשמות רעוואָלטירען! די נשמות האַלטען מלחמה מיט אַלע זיעבען הימלען, מיט גאָט און זיין נאַטור... אַלץ דאַרף בעסער זיין, אַלץ ווילען זיי איבערמאַכען און מיט'ן קאָפּ אַראָב איבערקעהרען!

נישט קערפּער זינדיגען איצט, נאָר די נשמות! אונגעדולדיג, שטויסט איהם צום קץ, פאַר דער צייט אַראָבברענגען משיח'ן. די אויגען קריכען אייך אַרויס! און איהר ווירטשאַפט, גלייך עס וואָלט אייער וועלט געווען, און איהר קאָמאַנדאָוועט, גלייך די מענשהייט וואָלט אייער פערקויפט מילִיטער געווען... פאַר אייך איז אין די שבעה מדורי גיהנום קיין פּלאַץ נישט געווען.

---

— און אין דער אַבטער אָבטהיילונג איז קיין ברענענדע סמאָ'ע נישטאָ?

— ניין.

— און קיין פייער און קיין וואַסער?

— נישט...

— און שמייסען שמייסט מען אויך נישט?

— קיין זכר פון ריטער!

— און עסען און טרינקען און שלאָפען קען מען דאָרט?

— אַפילו לעזען און שרייבען און אַרויסגעבען...

— מיט וואָס שטראָפט מען?

— זעה, פון מערב זייט ציהט זיך אַ שווערער וואָלקען, צו דער לבנה שווימט ער, דעקט ער זי צו, פערשווינד איך; נאָר אין איהר ליכט קענסט דו מיך זעהן... פויל רוקט זיך דאָך

דער וואלקען, וואס איך וועל קענען, וועל איך דיר איבערגעבען, אײלען דאך מוז איך מיך... הער!...

---

מען נעמט, צ. ב. ש., א מענש, וואס האט, ווי די, קיין צייט נישט געהאט, און מען שטעלט איהם א נאקעטען פאר א בארג מיט שניי. שטעהט ער. ער שטעהט און באלד פאלט איהם איין, מען דארף דעם שניי צוצולאזען און דערפון וואסער מאכען, ווערט דערפון א שטימונג, אזוי רופט איהר דאך עס? און פון דער שטימונג א פערלאנגען, פון פערלאנגען א ליידענשאפט: ער מוז! און ער לויפט צו צום שניי בארג, און ווארעמט איהם מיט'ן לייב, ער נעהמט איהם ארום, בעהעפט זיך אין איהם, עטעמט אריין מיט היץ, שפארט זיך און איהם אריין מיט לייב און לעבען.

— דער שנייי מיז צוגעהן... וואסער מוז זיין, וואסער פליסט, וואסער איז בעוועגונג, וואסער איז גליק.

— און שדים טרייבען אונטער?

— נאך וואס? די תאוה טרייבט בעסער! און ער שנייט זיך אריין אינ'ם שניי אלץ טיעפער און טיעפער, און פון וואנען ער רוקט זיך אב, ווערט צוריק געפרוירען און ער ארבייט ארומגערינגעלט מיט שניי, און שניי בארג אין דער פינסטער, וואס צופלאסען ווערט געפרוירען..

— און?

— און ער מאכט פון שניי — אייז!

— שרעקליך!

---

און איין אנדערן נעמט מען און מען שטעלט איינעם אליין אין א פעלד, אויף א הארט לעהמיג פעלד,

איבער'ן קאפ — א וואונדערבאר שעהנער הימעל, אהן א לייכט וואלקענדעל, ריין, אבער פאר דאס, אויך ריין פון זון,

לבנה און שטערען... וואָרען — איז דען אַ הימעל פערהאַן? עפּיס אַ בלאָה ליילעך, אַ פּרוכת... וואָס נישט? טראַמפּעלט ער אַרום אין לעהם, איינער אַליין, ווי אין אַ מדבר... ער איז דאָך דער איינציגער וואָס לעבט, פיהלט, טראַכט און דענקט!

פאַלט אָבער אויף איהם איין אומעט, ער וויל לעבען אַרום זיך... געפינט ער עס נישט, וועט ער עס מאַכען! ביים לעבען, האָט ער פאַר טויזענדער געליטען, פאַר צעהנדליגע טויזענדע געווירקט, פאַר צעהנער טויזענדער געדענקט! זיין נשמה איז דאָך די נשמה פון מיליאָנען געוועזן! איז ער קיין בעשעפער נישט? קען ער נישט דאָס זעלבע וואָס גאָט! און שטויב נעמט ער פון דער ערד און לעהם, און בלאָטע, און קנעט, און קנעט, און מאַכט — נאָר וואָס וויל ער דאָס מאַכען? פויגעלעך מאַכט ער, פויגעלעך מיט פליגעל! דער מענש, וואָס האָט קיין פליגעל נישט, איז גאָרנישט... דערנאָך וועט ער אָדלער מאַכען, דערווייל פויגעל!

קנעט ער פויגלען, צוערשט קליינע — אָבער מיט פליגלען מאַכט ער זיי, קנעט אוים און בלאָזט אריין זיין איינענע נשמה; ווערען זיי לעבעדיג, די פויגעלעך, און ער פרעהט זיך, און טאַנצט אונטער, און רופט צו זיי: „פליהט, פליהט, פויגעלעך מיינע, אַרויף אין די הויך!

נאָר די פויגעלעך פליהען נישט, אויף דער ערד היפּען זיי אַרום אין לעהם, און זוכען אַ ווערעמיל די הערצלעך אונטערצושפּאַרען... אָבער קיין ווערעם זענען נישטאָ, צאַפּלען זיי און געהען אוים פאַר הונגער...

און טרעפט, אַז צוויי פאָר פליגעל הויבען זיך און פליהען, איז עס איין „ער" און אַ „זי" און זיי שפּיעלען זיך...

ער שרייט: „צום הימעל! צום הימעל!"

און זיי שפּיעלען...

האַפּט ער שטיקער לעהם און וואַרפט אויף זיי און טויט זיי, און קנעט און מאַכט אַנדערע פויגעל...

און דאָס פעלד ווערט פול מיט פגרים, מיט טויטע פויגלען... אַרום און אַרום איהם פגרים, נאָר פגרים — —

פאַר קליין און גרויס.

— אונגליקליכע

מען נעמט אויך אַ זינדיגען מענשען און מען וואַרפט איהם אַריין אין אַ גרוב פון הינט.

— פרעסען זיי איהם אויף לעבעדיגערהייט?

— חס ושלום! הונגעריג זענען זיי, די כלבים, נאָר איהם עסען זיי נישט — ער איז דאָך זייער פריינד, ער רעדט דאָך צו זיי, צו די הונגעריגע הינט! אַ פראָפעט פאַר הינט איז ער!

צוערשט רעדט ער צו זיי הינטיש אויף זייער שפּראַך, און אַז זיי הויבען איהם אָן צו פערשטעהן — וואַרפט ער אַריין עטליכע מענשליכע ווערטער! וואָס אַמאָל מעהר, וואָס אַמאָל מעהר...

און אַזוי שטעהט ער און רעדט, און נעמט פון זיי קיין אויג נישט אַראָב, און מיט אויגען צויבערט ער זיי, האַלט די הינטישע נשמות איין!

אַלץ איז ענטוויקלונג! די סאָרטען פערענדערן זיך — פון הינט וועלען מענשען זיין!

און אָט שטעלט זיך שוין אַ כלב אויף צוויי פיס, און מיט די אַנדערע צוויי פיס טאַפּט ער אַרום זיך. אַ צווייטער בילט נאָך, אָבער אין׳ם הינטישען בילען הערען זיך שוין גאַנצע טענער, העכערע, מענשליכע...

און ע ר רעדט אַלץ; און מיט זיינע רייד און מיט זיינע אויגען גיסט ער אויס אַ וואונדערבאַרען צויבער אויף די כלבים. אָט שטעהען זיי שוין אַלע גלייך ווי מענשען... אָט הויבט שוין איינער פון זיי אויף אַ פוס, ווי אַ האַנד, און ווייזט צום הימעל!

און אין די אויגען פון יענעם הונד האָט עפּיס אַ בלישטש געטהון, — אַ שאָטען פון ווילען, פון זעלבסט-בעוואוסטזיין האָט זיך אין זיי בעוויזען!

נאָך אַ ווייל׳ע און די אויגען פון אַלע הינט וועלען אויפשיי-נען, אויפפלאַמען וועט אין זיי דער ווילען, אין דעם הונגער

זייערן האָבען זיי דאָך פערגעסען; זיי האָבען דאָך פערגעסען, אַז זיי זענען הונגעריגע הינט; נאָך אַ ווײַלע און עס וועט זיך אין זיי דערוועקען דער גרויסער, דער וואונדערבאַרער געדאַנק —
— און דאַן?
— עס וועט נישט געשעהן! אַ מלאך חבלה וואַרפט פּלוצלינג אַ ביין אין גרוב, די הונגעריגע הינט לאָזען זיך אַראָב אויף אַלע פיער, בילען, רייסען זיך איבער'ן ביין... און ערשט אַז דער ביין פערשווינדט, הויבט אָן דער נביא אויפ'ס ניי... און אַזוי שטענדיג...
— גרויזאַם!

---

— גרויזאַם!
און איינעם האָב איך געזעהן אַ הויכען באַרג געזעהן. אויפ'ן שפּיץ באַרג שיינט אַ וואונדערבאַר ליכט, ער שטעהט אונטען פערבענקט, עס ציהט איהם אַרויף, אַרויף צום ליכט, צום צויבער־שיין, דאָרט אין זיין גליק... דאָרט אין דער הויך וואו די לופט איז ריין, וואו דאָס שטראַהלט און עדעל־וויים בליהט...
— שטייגט ער?
— זי לאָזט נישט... מאַכט ער אַ שריט צום שטייגען, עפּענט זי איהרע אויגען אויף און קוקט אויף איהם. אויך אין איהרע אויגען איז אַ צויבער־שיין דאָ, אויך אין איהרע אויגען איז אַ הימעל דאָ, און זונען און שטערן און אַלערליי זיסע שטראַהלען — —
— געהט ער צוריק!
— און דאַן פערמאַכט די אויגען... און אויף און אָב געהט ער, צווישען ליכט אין ליכט, שטראַהל און שטראַהל...
— פאַר וואָס נעהמט ער זי נישט מיט?
— זי איז נישט זי...
— דער וואָלקען איז נאָהנט, נאָך פון אָדלער און שוויי־גען־פעט וועל איך דיר דערציילען...

---

— און דאָס וואָס איז?

— אַ קלייניגקייט! מאַנכע פון אייערע נביאים, אייערע פּראָפעטען ווערען אין אָדלער מגולגל, אין גרויסע אָדלער מיט ברייטע פליגלען, נאָר אין שווינען-הויט געקליידט...

און די נביאים אייערע הייבען זיך אין די לופטען; הויך, גאַנץ הויך פליהען זיי, דעם הימעל ווילען זיי איינעמען, דעם כסא הכבוד פערנעמען! אין דער הויך אָבער, אין דער טריקעניש שפּאַלט זיך די שווינען-הויט. און אַז עס מאַכען זיך זיי וואונדען און ס'הויבט אָן שטאַרק וועה צו טהון, פאַלען די אָדלער אַראָב אין נאַסע זומפּען אַריין, וואו זיי ווייקען די הויט ווייערע, וואו זיי היילען די שווינען-הויט פון וואונדען...

— און אַזוי געהט עס אַרויף און אַראָב, אַרויף און אַראָב —

---

נאָר מיט אַמאָל איז די לבנה פערשוואונדען אין דער „שבט מוסר" מיט איהר.

אַז איך בין אויפגעשטאַנען און אַ ליכט אָנגעצונדען, האָב איך אויפ'ן טיש אַ פּאָסט-קאַרטעל געפונען:

— איהר זייט געבעטען צו קומען מאָרגען אויף אַ פערזאַמלונג — —

איך האָב עס פערברענט.

# עוֹלָם הַבָּא.

אָ—ניין! מיר וועט איהר נישט איינרעדען! די וועלט איז נאָך קיין וועלט נישט!

וואָס מיינט איהר? עס זינדט זיך אַן אַליכט, עס ברענט העלער אָדער טונקעלער — לויט דעם חלב, לענגער אָדער קירצער — לויט דער לענג און די דיק — עס ברענט, צאַנקט און ווערט פערלאָשען מיט אַ קלענערן אָדער אַ גרעסערן ריח — און שוין! דאָס איז עס און גאַנצען?

איך — וואָלט אַזאַ לעבען נישט בעשאַפען!

פרעגט אַ גימנאַזיסט פון 5-טען קלאַס, וואָס עס ווערט פון איין אויסגעברענט ליכט! ער וועט איך זאָגען, אַז עס איז נישט צו נישט געוואָרען! ער וועט אייך אויסווייזען מיט אותות ומופתים, אַז די נאַטור איז אַווירטשאַפט, וואו עס ווערט גאָר נישט פערלוירען, קיין שטויב, קיין האָר ... „פון אויסגעברענ-טען ליכט ווערען גאַזען; מען זעהט זיי ניט, נאָר דאָ זענען זיי; זיי שוועבען אַרום אין דער לופט".

אַ חלב'ן ליכטעל פאַר אַ גראָשען ווערט אין דער נאַטור נישט פערלוירען, נאָר איך, איך מיט מיין שכל, מיין ווילען, מיין יושר, מיין צער, מיינע טרעהרען — איך ווער פערלוירען, פון מיר בלייבט גאָר נישט!

און זיי זאָגען, אַז איך בין משוגע!

י. ל. פרץ

הייסט דאָס אַ וועלט?

יושע זייגער־מאַכער איז קיין גרויסער מייסטער נישט, און דאָך וועט פון זיין שטוב נישט אַרויסגעהן אַ זייגערל, וואָס זאָל יעדער רגע וועלען צוזעצט, צוקלאַפּט און צושפּרונגען ווערען; וואָס זאָל האָבען אין זיך איין עביגע, בעשטענדיגע מלחמה: איין רעדעל זאָל רייבען, שלייפען און דריקען דאָס צווייטע, איין צייהנדיל זאָל צופּען, רייסען און בייסען דאָס אַנדערע, און די האָר, אָדער ווי ער זאָגט — די פעדער, זאָל אַלץ אַרומנעהמען און שטיקען און ווערגען, עס זאָל קיינער קיין אָטהעם נישט קענען חאַפּען!

צי האָט איהר געזעהן אַמאָל אַ דרעש־מאַשין, וואָס דרעשט זיך אַליין? צעפּיס, וואָס רייסען פון זיך אַליין אָב די הויט?

ניין! דאָס איז קיין וועלט נישט! איין ערב־רב איז עס, אַ דול־הויז איז עס! געקוילעטע העהנער לויפען אַרום און חאַפּען קערנדלעך, דאָס בלוט רינט און זיי ווערגען זיך! אַ דול־הויז איז עס, אַ מבול דאַרף עס, — קאַלט, קאַלט וואַסער!

---

און ווער וואָלט פאַר אַזאַ פינסטערע וועלט אַזוי פיעל ליב־טינע, גאָלדענע שטערען בעשאַפען?

גלייך זי וויסט דען, די פינסטערע ערד, וויפיעל שטערען זי האָט?

„מען קען נישט איבערצעהלען!“ זאָגט זי...

וואָלט עס נאָר מטבעות געוועזען, זילבערנע, גאָלדענע מטבעות, וואָלטען שוין אַלע, אַלע געצעהלט, נישט ווי היינט נאָר אַ מנין געלעהרטע בטלנים, אַלע וואָלטען געצעהלט און מען וואָלט שוין איבערגעצעהלט!

---

ניין, דאָ איז נאָך דאָס רעכטע לעבען נישט! דאָ לעבט מען דערווייל, אין ערב־רב, אָהן אָרדנונג, אויסגעמישט: לייבען,

מחוירען, בערען, ווערעם און פויגעל, און אַל־די־שוואַרצע יאָהר צוזאַמען ... עס טרעפט זיך אַ מענש אויך...
נאָר — אַז מען דערזעהט איהם, פאַקט מען איהם אין דול־הויז אַריין ...

---

עס איז געווען איין אויג צו וואַרפען אויף די ליכטיגע, קלאָרע, זאַנפטע, מילדע, ריינע שטערענדלעך, מען זאָל איינ־זעהן, אַז דאָרט איז ערשט דאָס רעכטע לעבען... נאָר דאָס אַפּת׳ע לעבען, שטראַהלט אַזוי רוהיג, אַזוי זיכער!
און דאָרט לעבען די מינים בעזונדער, יעדער שטערן האָט זיין מין און דעריבער שטראַהלען זיי מיט שלום, מיט עולם הבא!
דאָרט הערט מען נישט אַלץ־אין־איינעם: „מיין טוידט אָדער דיין טוידט!"
אויב אַ שטערן ציטערט אין הימעל, איז עס פאַר רחמנות אויף אונזער פינסטערער ערד! אַז איינער פון זיי טרעפט זי פלוצלינג אויפ׳ן וועג, דערשרעקט ער זיך און פאַלט... די זון קען נישט צוקוקען, ווי עס לעבט זיך ביי אונז, פערשטעלט זי זיך טהייל מאָל דאָס פנים און עס ווערט לקוי חמה... די לבנה איז נעהנטער, זי זעהט בעסער! רייסט זי פון זיך פאַסען, און מען מוז יעדען חודש מאַכען אַ נייע לבנה!

---

„טויזענד אויגען האָט דער מלאך המות!"
עס איז קיין וואונדער נישט, ער דאַרף די מינים סאָרטי־רען און יעדען שיקען אויף זיין שטערן אַרויף; און דאָ איז אַ מאַסקאַראַד, אַ פורים־שפּיעל, סאַמע פערשטעלטע, עס איז קיינער נישט אין זיין אייגענער הויט!
אַם ערגסטען איז מיט די כל־בו׳ניקעס!...

# כָּל בּוֹ.

„אמאָל — האָט מיר מיין באָבע, די אַרענדאַרקע, דערצעהלט — האָט זיך בעוויזען אַ כּל־בו'ניק”. דאָס איז געוועזען ביים פריץ אויפ'ן הויף, וואו זי האָט די פאַכט געהאַלטען, דעריבער וויים זי די מעשה. —

פון וואַנען ער האָט זיך גענומען? ווייסט מען נישט.

איינער האָט געזאָגט, אַז זיין מוטער איז אַ בעקערין געוועזען און האָט'ן אויסגעקראַצט פון אַלע מולטער — אַ וויסקראָבעק, רחמנא לצלן!

אַנדערע דערצעהלען אַנדערש: אויפ'ן הויף אונטער דערשאָפע איז אַ קעסטעל געשטאַנען, וואו אַלע פון הויף האָבען וואַסער געגאָסען — הינד אויך! דערפון איז אַרויס אַ שוואָם... נישט קיין הונד־שוואָם, נאָר אַ שוואָם „מכּל המינים שהוא”...

דערנאָך האָט זיך עפּיס אַ ווינטעל געמאַכט, די שוואָם האָט זיך אָבגעריסען, אָוועקגעקאָלערט און האָט זיך שפּעטער אויפגעהויבען, אַלס אַ לעבענדיגער כּל־בו'ניק...

סיי ווי סיי קומט ער אַרויס פון פּריץ'ס הויף!

און אַ וואונדערליך חיה'לע איז דער כּל־בו'ניק געוועזען!

אָהן ביינער, פון סאַמע ווייך פלייש, און דאָס קעפּעל האָט זיך לויז געדרעהט אויפ'ן האלז, ווי אויף אַ גוט געשמירט שרייפעל! ער האָט זיך נישט גערירט פון אָרט און מיט'ן קעפּעל געדרעהט קיין מזרח, קיין מערב, קיין צפון, קיין דרום — וואו איהר ווילט נאָר אַליין; און ווייל ער האָט יעדען צוגעשאָקעלט

מיט'ן קאָפּ, האָט ער מיט אַלעמען בשלום געלעבט, און פון קיינעם — און מיט קיינעם גלייך — נישט געליטען!

עס שלאָגען זיך צוויי העהנער; איינער שרייט: קוקעריקו, דער צווייטער וויל דוקא: קיקעריקי! דער כל-בו מישט זיך נישט אריין. נאָר, אַז דער הויף איז שוין בעדעקט מיט פעדערן, און די העהנער צופאַלען זיך אָהן כח, געהט ער צו און זאָגט: איהר האָט ביידע רעכט: דער „באור" זאָגט: „קיקעריקי!" און די שבעים-זקנים: „קוקעריקו!", און ביידע העהנער בלייבען זיך שונאים און איהם גוטע פריינד!

עס איז קיין שטילער הויף נישט געוועזען... דער הונד האָט געביסען דעם חזיר ביים אויער, די קאַץ האָט געשפּיגען אויפ'ן הונד, און איין אָדלער מיט איין אונטערגעשאָסענעם פליגעל איז אַרומגעגאַנגען און אַלע געוואָרפען אין זיעבעטען שוויס אַריין; נאָר דער כל-בו'ניק האָט זיך מיט אַלע גע'חברט: ער האָט זיך געהאַלטען, אַמאָל ביים רעכטען, אַמאָל ביים לינקען אויער און דער חזיר האָט געמיינט, אַז ער איז אויך אַ געביסע-נער! דעם הונד האָט ער איינגערוימט: „בררר... סאַמע גנבים, איין עהרליכער מאַן ביסט דו!" דערנאָך איז ער אַרויפגעשפּרונגען אויפ'ן צוים און געוואַשען זיך מיט דער קאַץ צוזאַמען פאַר'ן רעגען...

פלוצלונג גאָר האָט ער דעם אָדלער דערזעהן! ער ציהט אויף זיך אַ בענגשאַפט, אין אויג ווייזט זיך אַ טרעהר: נישט גוט, ברודער, דעם אונטערגעשאָסענעם! ער זיפצט און דער אָדלער מיינט, אַז ער בענקט אויך נאָך די הויכע וואָלקען, און געהט אַוועק מיט איין אראָבגעלאָזטען קאָפּ נאָר מיט אַ וויי־ הארץ... „אויך איין אונגליקליכער!"...

און אַז קיינער זעהט נישט, שפּריינגט ער גאָר אַריין אין שטאַל צום קליינעם עזעלע און רוימט איהם איין: ווייסט, קאָנט הויבט מיר אויך נישט אָן צו געפעלען!

---

און אויף דער וועלט פו! .., פו...! — אויפ'ן פריץ'ס הויף, מיין איך — איז איהם גאר נישט שלעכט געוועזען... ער האט מיט אלע גוט געלעבט, מיט אלע זיך גע'חברט, ביי יעדען עפים געחאפט...

יעדער האט איהם גערענקט א זכות פון א שאקעל אויף זיין זייט! און חאטש קיינער האט איהם נישט ליעב געהאט, האבען איהם אלע פערבעטען: ווער אויף פרישטיק, ווער אויף מיטאג — און ער האט אלע מאכלים געגעסען... און יעדערער האט זיך איהם געגריסט און דערביי זיך אין הארץ געוואונדערט: פאר וואס האב איך איהם נישט גערן?

---

נאר עביג לעבט נישט קיינער, אפילו נישט קיין כל-בו! עס איז געקומען זיין צייט, און דער רוח האט איהם פערטראגען אין א מדבר אריין, אויפ'ן זאמעל-פלאץ, וואו די נשמות פון אלע חיות, בהמות ועופות נעהמען זיך צוזאמען, און דער מלאך המות סארטירט זיי, באנדראלירט און פערשיקט אויף יענע וועלט.

ווען דער כל-בו איז אנגעקומען, איז שוין די סטעפ בע-דעקט געוועזען מיט אבגעטיילטע מחנות, וואס האבען איינס אויפ'ס אנדערע געקוקט צום לעצטען מאל, און שארף בעטראכט! זיי ווי'לען גערענקען אויף יענער וועלט, וואס פאר א מינים דא זענען געוועזען. די עופות זענען אונגעדולדיג געשטאנען אויף איינציגע פיס; פון די אינדיקעס שניידט זיך אב א בלוט-רויטע שארפע אויף א מייל; ווי דינע זילבערנע נעבעל הוידען און וויעגען זיך די טויבען אין דער לופט! שטאלץ און ערנסט האלטען זיך די אדלער אין א זייט; א גאנצע באנדע עזעל האבען זיך צו-זאמענגעשלאגען מיט די קעפ און קלערען, וואס פאר די-נער עס קענען וואקסען אויף יענער וועלט.

און דער מלאך המות האט שוין גענומען דאס פייפער'ל צום מויל, א צייכען צו געבען צום אוועקפליהען... ער האט שוין אויפגעהויבען די הענד, יעדען צו ווייזען זיין וועג! נאר ער

האָט די האַנד אַראָבגעלאָזט, דאָס פייפער׳ל פּערגעסען — ער האָט דעם כּל־בו בעמערקט.

— ווער ביסטו דו? פרעגט דער מלאך המות, וואָס האָט נאָך אַזאַ בריאה נישט געזעהן.

כּל־בו שווייגט; ער ווייס אליין נישט, ווער ער איז!

טוויזענד אויגען האָט דער מלאך המות, און מיט יעדען אויג זעהט ער אינ׳ם כּל־בו איין אַנדער בעשעפעניש.

— צי וועט זיך קיינער נישט דערקענען צום נייעם גאַסט? ווענדט ער זיך צו די אַלע מינים, וואָס זענען שוין אויסגע־שטעלט גרייט צום פליהען.

נאָר קיינער ענטפערט נישט, יעדער מין זעהט אינ׳ם כּל־בו אַ קליין פּיצעל זיינס, נאָר אַזוי פיעל פרעמדס!

עס דויערט אַ ווייל׳ע און דער מלאך המות נעמט זיך צוריק צום פייפער׳ל... ער וויל אַ צייכען געבען: זאָלען זיך די מינים פליהען יעדער אין זיין וועג, זאָל דער כּל־בו בלייבען אין סטעפּ!

דעמאָלט אָבער האָט דער כּל־בו אַרויסגעלאָזט אַ שרעקליך געוויין, אין וועלכען עס האָבען זיך געהערט אַלע ילולות פון אַלע מינים חיות און עופות! ער איז צוגעפאַלען צום מלאך המות׳ס קניע און האָט איהם די פיס געקושט.

— וואו לאָזט דו מיך איבער, דו בּאַרמהערציגער מלאך?

דער מלאך המות ווערט געריהרט פון זיינע טרערען, נאָר וואָס צו טהון ווייס ער נישט!

— אויף יעדען שטערן — זאָגט ער דעם כּל־בו — שטעהט אַ מלאך ביים טויער און קוקט נאָך אַ מאָל דורך דעם גאַנצען טראַנספּאָרט... מען וועט דיך אין ערגיץ נישט אַריינלאָזען; און קיין עקסטרא וועלט פאַר כּל־בו׳ניקעס האָט נאָך גאָט נישט בעשאַפען...

— בּאַרמהערציגער מלאך! דאָ בלייבען וויל איך נישט, קען איך נישט, איך געהער דאָך שטיקלעך־ווייז צו אַלע מינים, זאָל יעדער מין זיך צונעהמען זיין חלק!

— עהרליך! זאָגט דער מלאך — דיין פּסק זאָל מקויים ווערען!

און, אַז יעדער מין האָט זיך אויסגעצופּט זיין חלק איז ביי יעדען מין אַ דין האָר'ל געבליבען, און ביים ערשטען ווינד האָבען זיך די האָר אָבגעריסען און געבליעבען דערנאָך הענגען אין דער לופט...

---

מיט דער צייט האָבען זיך אויף דער וועלט די כל-בו'ניקעס געמעהרט, נאָר אַלע האָבען אַזאַ סוף.

און ענדע זומער, אויב דו זעהסט שפּינוועבס הענגען אין דער לופט, זאָלסט דו וויסען, אַז דאָס זענען כל-בו-האָר!

אַזוי האָט מיר מיין באָבע דערצעהלט...

# אַ חָלוֹם.

איהר ווילט וויסען! פון וואַנען איך קום אהער?

איך וועל אייך דערצעהלען; איך האָב קיין סודות נישט.

אַמאָל בין איך גאָר אַ געזונדטער געוועזען; אייגענטליך פערקעהרט, איך האָב געליטען; נאָר אויפ'ן מאָגען, אויף די פיס, אויף נאָך אַנדערע קרענק אין לייב, אַ נשמה אָבער האָב איך געהאַט אַ געזונדטע — זי האָט אפילו פרי־מגדים פערדייעט; אַ מוח — איין אייזערנעם; אַ קלייניגקייט! דעם פאַרציווער רב'ס אייניקעל!

פאַר מיין קעפּעל האָט מען מיר איין אשה צנועה געגעבען —איהר קענט זי אפשר? ביילע די שטריקען־מאַכערין, אַ וואהלע יודענע! נדן אויך, ווי דען! איך האָב ווייטער געלערנט, נאָר געהאַנדעלט אויך! יש מקום בראש... מיט איין זייט האָב איך געזופט ש"ס ופוסקים, מיט דער צווייטער „קאָנדיציעס" גע־מיַכט: מכלומרשט ווייץ געקויפט און אָבגענומען געלד מיט פראָצענט...

הכלל — איך בין געוועזען אי אַלמדן, אי אַסוחר און האָב טאַקי מיט די קינדער גוטע שדוכים געטהון... אויף אייך אַזאַ יאָהר!

עס געהט זיי אַפילו נישט גוט די קינדער! נאָר אייניגע—ונקט אין יחוס האָב איך זיי!

דעמאָלט האָב איך געדאַרפט חתונה־מאַכען אַ טאָכטער, דער מחותן האָט דוקא געוואָלט באַארעם געלד און איך בין גע־פאָהרען מאָהנען ביים פריץ...

מאַכט זיך איין עסק, האָט דער פּריץ צו טהון מיט סער־וויטוטען, די פּויערן האָבען איהם געוואָלט שלאָגען, רייצט ער אויף מיר אָן אַ הונד — אויך אַ יושר!

נאָר דערווייל מוז מען אַנטלויפען.

איך לויף, לויף, לויף... און קום אין גאָרטען אַריין... זאָל זיין אין גאָרטען, אַבי איך הער שוין נישט דעם כלב׳ס בילען, עס פעהלט מיר אַ פּיענטע פון זאַק, אַ שטיק פּאָלע, מיין דאגה, ביילע וועט צונעהען...

נאָר הונגעריג בין איך געוועזען, דאָס האַרץ האָט אין מיר געחלש׳ט.

און דאָ, זעה איך, אַ גאָרטען, אַ גן עדן! טרויבען ווי אין ארץ ישראל. עפּעל — גאָלדענע, באַרנעס — געשפּרענקעלטע, גרויסע, דער זאַפט, דאַכט זיך, טריפט פון זיי אַראָב. איך שטרעק אויס אַ האַנד — רבונו של עולם! — די טרויב אַנט־לויפט, דער עפּעל רוקט זיך אָב, די באַרנע בויגט זיך אַוועק אין אַ זייט...

און, הערט אַ מעשה, אַלע רעדען.

— נישט דו — זאָגען זיי מיט אַ כעס — נישט דו האָסט אונז געפלאַנצט...

איך ווער בייז. מיר קומט פּראָצענט, אַ הונד האָט מיך געביסען, פאַר שרעק ציטערן מיר נאָך די קניע און פאַר זיי איז נאָך ווייניג! איך מוז דאָך עסען!

איך טאַנץ און טאַנץ אַרום בוים; איך וואַרף מיט די הענד, איך צאַפּעל, אַ פּיעבער וואַרפט מיך פאַר צאָרן, דער זיעבעטער שווייס בעדעקט מיך — און קיין איינציגע פרוכט לאָזט זיך נישט חאַפּען. זיי האָבען נאָך נאָר אָנגעהויבען צו זינגען ווי אַ חזן מיט משוררים:

נישט דו האָסט אונז געזעצט,
נישט דו האָסט אונז געפלאַנצט...
נאָך אַמאָל דאָס אייגענע:
נישט דו האָסט אונז געזעצט,
נישט דו האָסט אונז געפלאַנצט!

הערסט אַ מעשה? און נישט איבערצושפּאַרען! דאָס גאַנצע בלוט האָט אין מיר אויפגעקאָכט, און איך האָב מיך אַזוי לאַנג געוואָרפען און געוואָרפען, ביז איך בין אַנידער-געפאַלען אויף דער ערד מיט שוים אין מויל.

איך ליעג און דערזעה, נישט ווייט פון מיר אַ געלען קאַפּע-לוש, פונקט אַזוינעם ווי דער פריץ טראָגט, נאָר אַ קלענערן, ווי פאַר אַ נפל'ע ווענען! איך חאַפּ אַ ציטער! וואָס איז דאָס? אין מיטען דערמאַהן איך מיר, אַז מיין ווייב האָט אַמאָל אַזוינע קאַפּעלושען אַהיים-געברענגט און דערפון אַ וויעטשערע גע-קאָכט, מיט קליסקעלעך... אַהאַ! דערמאַהן איך מיך, אַ שוואָם איז עס, ווי איך בין אַ יוד — אַ שוואָם, זאָל זיין רויהערהייט!

אפשר אַ הונדס-שוואָם, אפשר סם?

ניין, אַז גאָט וויל נישט, סמט מען זיך נישט; איך שטרעק אוים די האַנד, נאָר די חצופה רוקט זיך אויך אָב מיט אַ גאווה, זי טאַנצט און היפּט אַ'זעק אויפ'ן דינעם שטעקעלע. „איך האָב דיך אַ סך געקאָסט?" פרעגט זי. מילא, איך וועל דאָך נישט געהן טענה'ן מיט אַ חצופה. „וואַקס אין דר'ערד אַריין!" טראַכט איך...

וואָס טהוט מען? הונגער, ממש הונגער!

זאָל זיין גראָז! פאַלט מיר איין. הלמאי אָדם הראשון האָט קיין פלייש נישט נעגעסען! ער איז פרומער געוועזען פאַר מיר און דאָך יוצא געוועזען מיט „ירק עשב"! און איך ליעג אויף הערליך, אויף אמת געשמאַק גראָז. נאָר אַ ביסעל, טראַכט איך, מיט'ן מויל אָנצוחאַפּען, אַבי צו זיך צו קומען און פון גאָרטען אַרויס; וועט עס מיר שאַדען, וועט מיר מיין ביילע מאַכען אַ „וויענער טרענקל"... אַ דאגה דאָס איז — האָם! נאָר איך נעהם אָן אַ פול מויל מיט קליינע שאַרפע שטיינדלעך: איך האָב מיר דאָס גאַנצע מויל צובלוטיגט און דאָס גראָז — „ואיננו"! איך ליעג אויף אַ גאָל שטיקעל ערד, כּלחוך השור!

אָה, שלעכט! איך זעה בחוש, אַז דער פריץ איז אַ מכשף און זיין גאָרטען איז אַ כשוף! אַ שווינדלער — אַ כשוף-מאַכער! ער

האָט אפשר גאָר קיין גאָרטען, קיין פעלד, קיין וואַלד נישט; עס איז אין גאַנצען נאָר אַ כשוף, אַבי ביי איין עהרליכען יוד איין הלואה'לע צו מאַכען... פראָצענט שרייבט ער צו, וואָס שאַרט עס?!

און מיט אַ האַרץ וואָס קלאַפּט ווי ביי אַ גזלן, שפּרינג איך אויף, און לויף מיט די לעצטע כחות פון גאָרטען אַרויס.

אָט, בין איך אויפ'ן פעלד...

אַי — זאַנגען ווי גאָלד, זיי שאָקלען זיך ווי עהרליכע יודען ביי שמונה עשרה... זיי פערבעטען מיך: קום, יוד, מאַך אַ ברכה; קום, פּאַרציווער רב'ס איינִיקעל און בויג צו די כשר'ה ליפּען...

איך לויף צו מיט איין אָפען מויל, נאָר דאָס פעלד לאָזט אַרויס אַ געלעכטער! און לאַכענדיג זינגט עס, דאָס פויערשע פעלד זינגט:

וואו ביסט דו געווען,
ווען דער פויער האָט געאַקערט?
וואו ביסט דו געווען,
ווען דער פויער האָט געזייעט?...

אַ רעכטע שעהנע, ריינע כפרה, ווי הייסט, וואו איך בין געווען? איך בין געזעסען און האָב געלערנט, תהלים גע־זאָגט, געדאַווענט! מעשיות פון זיידען, עליו השלום, פון פּאַרצי־ווער רב, דערצעהלט... אַ דאגה, וואָס אַ יוד טהוט?

וואָס קומט אָבער אַרויס, וואָס איך ווייס דעם אמת, אַז די זאַנגען זינגען און רוקען זיך אָב. איך פּרוב זיי שוין גאָר נישט יאָגען, איך ווייס שוין, וואָס כשוף בעטייט!

נאָר, ניין! נישט קשה, פאַר הונגער וועל איך דאָך נישט שטאַרבען! עטליכע געוויקסען, זעה איך, שטעהען אין דערמיט און ריהרען זיך נישט פון אָרט; זיי ווייסען, אַז איך בין דעם פּאַרציוועער רב'ס איינִיקעל, אַז איך זיץ און לערן, און, אַז דאָס האַרץ איז מיר אַוועק, איז אַ מצוה איך זאָל עפּים טועם זיין. איך רוק מיך צו, זיי שטעהען; נעהנטער — זיי ריהרען זיך נישט

פון אָרט! האָם! געוואַלד! עס ברענט, פייער האָב איך אין מויל, פייער, פייער! פאָקשיווע איז עס געוועזן!

איך בין אַנידערגעפאַלען...

זכות אבות האָב איך געהאַט, אַז איך בין נישט געבליבען אויפ'ן אָרט...

און אַז איך האָב מיך אויפגעכאַפּט, בין איך געלעגען אין בעט, ביילע מיינע האָט געוויינט און אויפ'ן קאָפּ האָט מיך געדריקט אַ זעקעל אייז.

— וואו איז שרה? די כלה, וואו איז? פאַלט מיר פּלוצלונג איין צו פרעגען.

מיין ביילע צוויינט זיך ערשט אויף אַ קול:

— זי איז אַוועק — זאָגט זי — עפּיס אין אַ פאַבריק אריין, אַרבייטען וויל זי...

וואָס קלערט אידהר?! גאָר נישט!

איך בין אַנטשלאָפען געוואָרען און האָב מיך אויפגעכאַפּט שוין

# אַ רופֿא צי אַ חולה?

אַ שפּיטאָל איז אַ וועלט פֿאַר זיך, אַ אײן אָבגעשלאָסענע וועלט. עס האָט נישט אַזוי פֿיעל נפֿשות ווי אײן אַנדערע מדינה, עס שפּאַלט זיך נישט אויף פֿעלקער מיט פֿערשיעדענע רעליגיאָנען און פּאָליטישע סיסטעמען; עס האָט דאָך פּאַרטייען. יעדע פּאַרטיי האָט איהר קרענק, איהר אָבטהיילונג, איהרע ווערכטער, איהרע פֿע־דשער און דאָקטאָרען וואָס גיבען אַכטונג, מען זאָל זיך נישט מישען, ווייל די קרענק זענען אַנשטעקענד, ווענינסטענס, פֿיעל פֿון זיי.

און עס זענען פֿערהאַנען אַפּוטרופּסים, וואָס היטען די אָרדנונג; תקנות אויף יעדען שריט און טריט, מיט אַ גאַנצען קאָדעקס, פֿול מיט עצות טובות און אַלערליי שטראָפֿען פֿאַר נישט הערען, נישט פֿאָלגען!.. וואָרען מאַקי — טאָמער ווערט אַ משוגענער שווינדזיכטיג און אַ שווינדזיכטיגער משוגע?

מאַנכע זענען נאָך נישט צופֿריעדען פֿון דער אָרדנונג, בעזונדערע הייזער דאַרפֿען זיין, געמויערטע צוימען אַרום די הייזער, גריבער מיט אַנגעלאָזט וואַסער אַרום די צוימען... מען וואָלט עס געמאַכט, ווען עס זאָלען געגוגען דערוויף די „נדרים ונדבות" וואָס מען נעמט ביי בעלי־בתים. און דאָ ווערען זיי וואָס אַמאָל ווענינער די נדרים ונדבות, — שלעכטע ציימען.

און דעריבער טרעפֿט טאַקי, אַז אַ קראַנקער חאַפּט זיך אַריבער אין אַ פֿרעמדע פּאַלאַטע. דערפֿון קומען פֿערשיעדענע מגפֿות, רחמנא ליצלן.

ערשט נישט לאַנג איז דאָס גאַנצע שפּיטאָל אַוועקגעפֿאַלען אויף אַ הונגער מגפֿה; פֿון אַלע בעטען, פֿון אַלע נומערן האָט זיך געהערט איין געשריי: ברויט, ברויט.

די גרעסטע אָרדנונג איז דאָך ביי די משוגעים. מאַנכע האַלט מען אויף קעטן, אַנדערע נאָר אין בעזונדערע אָבגעשלאָסענע נומערן.

נאָר די „שטילע" האַלט מען צוזאַמען. מען האָט אויף זיי איין אויג, אַ שאַרף אויג, נאָר, מכּלומר׳שט, פריי זענען זיי.

איך רעד פון די מענער, ביי די ווייבער בין איך נישט געוועזען.

און ווי קאָמיש די מענער זענען... אַז מען זאָל אונז — זאָגען זיי — לאָזען לעבען צוזאַמען מיט די פרויען, וואָלטען מיר זיך במשך פון אַ צוויי-דריי דורות אַזוי געמעהרט, אַז מיר וואָלטען מעהר געוועזען פאַר די מיושב׳ע און מיר וואָלטען זיי איינגעזעצט אין שפיטע׳ער. זיי מיינען עס גאַנץ ערנסט.

אַז מען לאָזט זיי אַמאָל אַרויס שפּאַציערען אין גאָרטען (אַ קליינע אַלעע פון צוויי שורות ביימער) געהען זיי אַ פּאָר מאָל אויף און אָב. דערנאָך זעצען זיי זיך אויס אַ שורה ביי דער וואַנד, וואָס טהיילט זיי אָב פון די ווייבער, און קלאַפּען מיט די שפּיץ-פינגער אין וואַנד אַריין.

„ליב פילאָזאָף", וואָס זאָגט, אַז צווישען מענער און פרויען איז דער אינטערשיעד נאָר אינ׳ם נאָמען, רעדט דאָך אָן דעם עולם, מען זאָל קלאַפּען מיט די גאַנצע הענד און איינוואַרפען די מויער.

יוחנן מלמד אָבער ראָטה, מען זאָל נישט נאָכגעבען דעם יצר הרע, מען זאָל וואַרטען ביז ראש השנה.

— און ראש השנה וואָס וועט זיין?

ראש השנה וועט דער משוגענער עולם דאַוונען, יוחנן מלמד — שופר בלאָזען און עס קען זיך נאָך אַמאָל טרעפען דער נס פון יריחו... „מיט איין תנאי — זאָגט ער, — אויב מיין צרה איז דאָרט נישט דאָ!?"

צוויי נאָר האַלטען זיך ווייט פון דער מויער, איינער גאַזעמאַן (זעה ווייטער וואָס ער הייכט אַזוי) און יונה׳לע קדוש.

דער גאַזעמאַן האָט קיין צייט נישט, ווי ער זאָגט צו „שאלת נשים". און יונה'לע קדוש, אַז מען דערמאַהנט איין אשה, האַפּט ער די פּאָלע און פערשטעלט זיך דאָס פנים.

איין אויסנאַהם פאַר אַלע און אַפילו פאַר'ן הייליגען יונה'לע איז יענטע די קרעמערין, זי איז אַ מאַנספערשוין לכל־הדעות; עס איז אַ פנים באַלד אַ טעות געוועזען! אַ גראָב קול, אַ בע־וואַקסען פנים, כמעט אַ באָרד, אַ שאַרפער בליק און אלע תנועות און הויות פון אַ מאַנספערשוין, זי האָט געמענגט זיך אומעטום ווייזען! זי האָט געפיהרט געשעפטען אין דער גאַנצער מענער־אָבטהיילונג, אַ גרויסען האַנדעל (פון וועלכען מיר וועלען נאָך רעדען), און קיינעם פאַלט נישט איין צו רעדען אַ וואָרט!

יונה'לע רעדט מיט איהר פה אל פה און לאָזט קיין ברעם נישט אַראָב.

פאַר דאָס האָט זי ליב פילוסוף פיינט...

ליב פילוסוף, וואָס האַלט עולם ומלואה פון ווייבער, וואָס לאָזט אויף זיי קיין שטויב נישט פאַלען, קען אויף יענטעל קרע־מערין גלייכגילטיג נישט קוקען; אַז ער דערזעהט זי, שפּייט ער אויס און געהט אַוועק.

עס איז שוין לאַנג בעמערקט געוואָרען, אַז נישט שטענדיג שטימען די געפיהלען מיט די איבערצייגונגען...

און איך לעב שוין דאָ אַ צייט צווישען עולם... אַז איך בלייב איינער אַליין, פאַל איך אַמאָל אַריין אין אַ ספק: אייגענטליך וואָס בין איך: אַ דאָקטאָר צי אַ קראַנקער?

טהייל מאָל הויב איך גאָר אָן מסופק צו זיין, צי דאָס גאַנצע „הקדש" מיט'ן פלינעל פאַר משוגעים איז נישט קיין אויסגעטראַכטע מעשה? צי די הויכע ווענד, וואָס איך זעה דורכ'ן פענסטער, זענען נישט גלאַט אַ כשוף, איין אויסגעטראַכטע זאַך? מען האָט אפשר דעם אינדיק נאָר אַרומגעקריידט?

און, ווייסט איהר, אַז דער גאַנצער ספק הויבט מיר נישט אָן צו שטערען... איך עס, טרינק, אַרבייט, רוה,

שלאָף און טהו אַלץ, גלייך איך וואָלט אין אַלעם זיכער געווען...

טהייל מאָל דאָך שרעקט עס מיך. איך טראַכט: וואָס, אַ מאַשין בין איך? מען האָט מיך אָנגעדרעהט?

און אפשר, טראַכט איך גאָר, וואָלגערט זיך אין מיר אַרום אַ משוגענער אַלטער־זיידע און טהוט מיט מיינע הענד און פיס, גלייך עס וואָלטען זיינע געווען, גלייך נישט איך, נאָר ער וואָלט געלעבט, גלייך עס איז ז י י ן צייט?

אויף דעם אַלעם האָב איך איין תירוץ: למאי נפקא מיניה?

און באמת, ו ו אָ ס איז דער חלוק?

ליב פילוסוף זאָגט, אַז עס איז נישט פערהאַן גאָר קיין אמת און קיין שקר. אַ והא ראיה, זאָגט ער, עס איז אַזאַ בוים גאָר אין גן עדן נישט געווען; נישט אדם, נישט חוה האָבען קיין מאָל אַזאַ עפעל נישט פערזוכט. טוב ורע יאָ! און אויב זאָגט ער, עס איז נישט פערהאַן קיין אמת און קיין שקר, זענען קיין משוגעים אויך נישט פערהאַן! איי וואָס, זאָגט ער, גאָר נישט!

אַזוי ווי, זאָגט ער, די גופים בעשטעהען פון אַטאָמען, און די טבע פון גוף ווענדט זיך אין דעם, פון וויפיעל אַטאָמען ער איז צוזאַמענגעשטעלט, אויף וועלכען סדר די אַטאָמען ליעגען... אַזוי זענען פערהאַנען אַטאָמען פון געדאַנקען און געפיהלען... און די טבע פון יעדען געדאַנק און פון יעדען געפיהל הענגט אָב גאָר דערפון, פון וויפיעל אַטאָמען זיי זענען צוזאַמענגעשטעלט — ווי אויך אין וואָס פאַר איין אָרדנונג זיי ליעגען איינער ביים צווייטען... נישט מעהר!

עס איז פערהאַן פערשיעדענע מעטאַלען, פערשיעדענע געדאַנקען און אַלערליי געפיהלען; זיי קענען ווי די מעטאַלען זיין ניצליך, אָדער שעדליך, אָבער נישט אמת און נישט פאַלש... פונקט ווי די מעטאַלען! צי וועט גאָלד זאָגען אויף זילבער, אַז

עס איז א טעות? זילבער אויף קופער צי אײַזן: משוגע זײַט איר, אָדער ליגנער?

דאָס קען נאָר א מענש און נאָר — פּאַר קנאה!...

מיר װײַטער קומט טהייל מאָל פאָר, אַז די אַלע, װאָס מען האַלט זיי פאַר משוגעים, מעהר אָדער װעניגער געפעהר־ליכע משוגעים, זענען נאָר נייגיעריגע מענשען, װאָס האָבען זיך ליעב אַמאָל אַראָבצוהאַפּען פון טראַקט, פון שאָסעע און זוכען אין אַ זייט נייע װעגען... בעסער צי ערגער אָבער זעהן מעג מען דאָך, פּרובען לוינט...

מאַנכע זענען גאָר פרייע פױגעל, איבער די לופטען פלי־העַן זיי...

גאַנץ אָפט האָב איך הנאה, װאָס איך לעב צװישען די דרייסטע װעג־זוכער... ביי זיי איז װעניגסטענס נישט אַזוי לאַנגװײַליג...

# אַ שמועס מיט גאָזעמאַן.

---

פאַר מיר היטען זיי זיך נישט. דער בעהאַלטענסטער פון אלע — גאַזעמאַן האָט אויך צו מיר צוטרויען.

עס פרעהט מיך.

נעכטען צוםביישפיעל, קומט ער צו און אָהן אַ שום הקדמה, דערצעהלט ער מיר פון גרויסען וכּוח, וואָס ער האָט אַמאָל געהאַט אין בית המדרש, מיט די גאָר גרויסע, וועלט־בעריהמטע בטלנים: ראובן, שמעון, לוי און יהודה.

— וועלט בלייבט וועלט! — זאָגט ראובן — זי שטעהט אויף אייזערנע זיילען און קופּערנע פונדאַמענטען.

— לאו הכי! — זאָגט שמעון — זי שאָקעלט און וואַקעלט זיך ווי אַ שכּור... אויפ'ן רוקען פון אַ משוגענעם פיש שטעהט זי, דער פיש וואַרפט זיך און זי צאַפּעלט! פון טהייל בערג שפּריצט עס אַפילו מיט פייער, אַודאי!

לוי האַלט זיך אין פסוק: תולה ארץ על בלימה, די וועלט שטעהט אויף גאָר נישט! אויף ג אָ ר נ י ש ט, אַקצענטירט ער מיט אַ נגינה.

און יהודה וואָס וויל ווערען רב און גרייט זיך צו צום עקזאַמען, הייסט מיליאָנען־מיליאַסען קליינע, פּיצעלעך אַטאָמען לויפען אַרויף און אַראָב און שלאָגען מיט כּח אויף יעדען פינטעלע פון דער ערד און האַלטען זי אַזויערנאָך אין „סאַמע ראָדנע" מיט; זי זאָל נישט חלילה אַרויס פון ראָד אַרום דער זון!

און איהר, גאַזעמאַן, וואָס האָט געזאָגט?

— איך? פשוט האָב איך זיי געזאָגט: וואָס געהען אייך אָן פונדאַמענטען, ווילען צי אַטאָמען, אַז די גאַנצע זאַך שטעקט אין גאַזען, וואָס די ערד האָט אינוועניג אין זיך...

איהר זיצט און קלערט, זאָג איך, און זיי קענען דערוויל אַרויספלאַצען און חרוב ונחרב מאַכען די גאַנצע וועלט מיט אַלע איהרע בטלנים!

— און וואָס האָבען זיי געזאָגט?

— זיי האָבען מיר אַ נאָמען געגעבען: גאַזעמאַן

ער שפּייט אויס מיט פעראַכטונג, מאַכט עטליכע שריט אַהין און צוריק, און שטעלט זיך צוריק אָב.

— פערשטעהט זיך, מיך אַרט עס נישט... יונגלעך האָבען עס אויפגעחאַפּט, רעדט, שרייט, מיין דאגה; נאָר דער שווער מיינער! פאַר'ן שווער האָב איך שטאַרק מורא געהאַט!

— אַ גבר אַלים?

— איין עיקש... שפּאַרט זיך איין, איך זאָל גט'ען דאָס ווייב. באשר בכן — משוגע בין איך.

— און איהר האָט נישט געוואָלט?

— איך האָב דען געקענט? ממה נפשך, בין איך געזונד, פאַר וואָס זאָל איך זי גט'ען, בין איך משוגע, ווי קען איך געבען גט?

— און זי וואָס האָט געזאָגט?

— מיין חוה'לע? וואָס האָט זי געזאָלט זאָגען? וואָס האָט זי געקענט זאָגען? איך בין זיכער, אַז עס איז איהר גאָר אויף די געדאַנקען נישט געקומען. וואָס הייסט? מיר זענען דען קיין זווג נישט, חס ושלום? אַז דער מלאך האָט אויף אונז אויסגערופען: „בת פלוני לפלוני", ווי מיינט איהר, איז נישט געוועזען קיין שמחה אין אַלע עולמות? מלאכים, זאָג איך אייך, האָבען פאַר שמחה געוויינט. איך האָב עס איהר דערצעהלט... אַלץ דערצעהלט...

— און וועגן די גאַזען אויך?

— וועגן די גאַזען? ניין! נאָך וואָס? זי האָט עס פון מיין פנים געלעזען. חכמת הפרצוף האָט זי געקענט ווי אַ וואַסער! איך וויל איהר אַמאָל עפּיס זאָגען, שמייכעלט זי און זאָגט עס מיר! פון מיין פנים האָט זי געלעזען, ווי פון צאינה וראינה אַרויס...

— און אפשר, — איז ער זיך מישב, — נישט פון פנים... איהר פערשטעהט, מיין האַרץ און איהר האַרץ... ניין, דאָס וועט איהר נישט פערשטעהן...

— און זי האָט אויך געגלויבט אין די גאַזען?

— אַ שאלה דאָס איז! דורך די גאַזען האָט זי דעם אַפּעטיט פערלוירען, נעכט נישט געשלאָפען, פון פנים אַראָבגעפאַלען,... און די אויגען, אַ וואונדערליכע זאַך, האָבען איהר געוואַקסען און געוואַקסען. מיט יעדען טאָג זענען זיי גרעסער געוואָרען; דאָס פנים קלענער, די אויגען גרעסער!

ער פערטראַכט זיך.

— און פון וואַנען — פרעג איך — זייט איהר געקומען אויף די גאַזען?

— דורך אַ חלום...

— אַ חלום, זאָגט מען, איז אַ נאַר.

— חוה׳לע פלעגט אויך אַמאָל אַזוי זאָגען! איך האָב אָבער דעם חלום געזעהן דריי מאָל און דערנאָך האָט זיך פּאַסירט אַזאַ מעשה...

באמת — אַ וואונדערליכע מעשה.

איינמאָל איז ער זיך אַרויסגעגאַנגען שפּאַצירען צווישען מנחה ומעריב. גאַסען-יונגען האָבען איהם דערזעהן און נאָכגע-לאָפען. זיי ווילען, ער זאָל זיי דערצעהלען די חלומות...

— איך האָב, — זאָגט ער, — אפילו חשק צו דער-צעהלען.... אדרבא, זאָלען זיי וויסען; האָב איך דאָך אָבער מורא פאַר׳ן שווער... ער וועט געוואָהר ווערען, פערמסר׳ן מיך

פאַר חוה'לען... און וואָס וועט זיין? זי וועט וויינען! זי וועט זיך די אויגען אויסוויינען!

ענטלויפט ער, יאָגט מען איהם נאָך, חאַפּט איהם איינער אָן פאַר אַ פּאָלע.

— איך זעה, עס איז שלעכט, ער וועט אָברייסען די פּאָלע... דערמאַהן איך מיך אין יוסף הצדיק, לאָז איהם איבער די קאַפּאָטע און ענטלויף ווייטער.

ער לויפט און לויפט, ביז ער פערלויפט ערגיץ אונטער דער שטאָדט, שלאָגט זיך אָן אין אַ בערגעל, פאַלט און בלייבט ליעגען.

— ליעגענדיג אזוי, וואָס מיינט איהר, דערזעה איך? קברים דערזעה איך... אַ היילינג אָרט געוועזען! צי בין איך, נישט וויסענדיג, פאַר שרעק אַריבערגעשפּרונגען די צוים פון בית־עלמין, צי עס איז קיין צוים גאָר נישט געוועזען, ווייס איך נישט ביז היינט...

נאָר אַ מאָדנער עולם אמת. די מצבות שטעהען נישט איין אַ רגע, זיי שאָקלען זיך... פּלוצים הויבען אָן פון אונטער זיי אַרויסצוקריכען מתים...

— איהר האָט אייך דערשראָקען?

— חס ושלום! מתים זענען קיין גאַסען־יונגען נישט. איך רעד מיט זיי:

„וואָס האָט איהר אייך, — פרעג איך — אין אַ פּראָסטען מיטוואָך פאַר חצות דאָ פערזאַמעלט?"

„איין אומגליק, זאָגען זיי, האָט זיי פּאַסירט. אונטער די מצבות האָבען זיך אָנגעזאַמעלט גאַזען"... „דערשטיקט צו ווערען" זאָגען זיי.

דערווייל שלאָגט דער זייגער 12.

די מתים לאָזען זיך אין שטאָדט אַריין דאַווענען און איך ציה מיך אויס אויף דער ערד, לעג צו איין אויער, איך וויל הערען, וואָס דאָרט טהוט זיך.

— און איהר האָט געהערט?

— אַודאי! ווי אַ שטורם אונטער דער ערד! אַהין און צוריק, אַהין און צוריק, ווי אַ קעסעל-פויק... טראַ—טראַ—טראַ—טאָ—דאָ—באָק! טראַ—טראַ—טראַ—טאָ—דאָ—באָק! אין מיטען, דערהער איך, אַ שמועס צווישען צוויי קולות אונטער דער ערד.

— פּלאַצען? פרעגט איין קול.

— צו פריה! ענטפערט דאָס צווייטע.

— ווען דען?

— ס'וועט זיין אַ סיגנאַל...

— ווען וועט זיין דער סיגנאַל?

— אַז די פרוכטען וועלען רייף זיין אויף די בוימער... ער שווייגט.

— דאָס איז עס אין גאַנצען? מעהר האָט איהר נישט געהערט.

— שפּעטער האָב איך געהערט נאָך אַ שמועס. דאָס הייסט דעם סוף פון יענעם שמועס. אַזוי האָט מען גערעדט:

— ווער וועט, פרעגט אַ קול — געבען דעם סיגנאַל.

— חנינא, ענטפערט מען, וועט געבען דעם סיגנאַל.

מילא, לויף איך געשווינד אין שטאָדט אריין צו חוה'לען און פרעג זי אויף חנינא'ן זאָגט זי, אַז חנינא'ס איז דאָ אַ סך: חנינא דער וואָכערניק, חנינא פרוש, וואָס איז ערגיץ אַוועק און איבערגעלאָזט אַ ווייב מיט קינדער, ימח שמו... חנינא דער שמש פון „סומך נופלים". חנינא פועל בטל.... און נעה וויים!

— און אַהער — פרעג איך, — ווער האָט אייך געבראַכט?

— בין אַליין געקומען, — ענטפערט ער כמעט מיט אַ שטאָלץ — אַליין געקומען, פון שווער ענטלאָפען..

— און חוה'לען גאָר אוועקגעוואָרפען?

— אַודאי! — מאַכט ער הוזק — ווי דען! נאָר איינער, זי קומט צו מיר.

— ווען?

— יערען אָבענד..

— יעדען אָבענד?

— ... קומט זי צו רייטען אויף דער לבנה..

— און פאַר׳ן מולד! פרעג איך.

ער גיט אויף מיר אַ קוק מיט כעס און בזיון צוזאַמען.

— אַזוי, — זייערט ער פון צווישען די ציין, — אַזוי... אַ חוקר ודורש... אַ נאָז־קוקער, אַהאַ!

ער איז פון מיר אַוועקגעגאַנגען מיט שלעכטע געדאַנקען. איך מוז איהם בערוהיגען.

# דער קדוש.

וואָס אַ וועלט איז! חוה'לע, דעם גאָזעמאַנס ווייב, קומט צו רייטען אויף דער לבנה, און שפּרינצע, יונה דעם הייליגענס ווייב — אויף אַ בעזעם!

חוה קומט איהר אונגליקליכען מאַן טרייסטען, אונטער־האַלטען, יענע ברענגט בראָנפען מיט קיכלעך און קליין געלד פאַר די וועכטער, זיי זאָלען דעם קדוש נאָך פעסטער האַלטען; נישט אַרויסלאָזען אויף דער ליכטיגער שיין!

חוה איז איין איינפאַכע כשר'ע יודענע, טהוט ווי דער מאַן וויל; שפּרינצע — דער הייליגער יונה דערצעהלט, אַז, שטעהענדיג מיט איהר אונטער דער חופּה, האָט ער באַלד דער־פיהלט אַ ריח פון פעך... ער האָט געוואָלט שרייען, האָט אָבער דער רב דערווייל אָנגעהויבען די ברכה און דער פאָטער האָט איהם שטילערהייט דערלאַנגט אין פּליצע.

שפּעטער, אַז ער האָט אָנגעהויבען שרייען, אַז זי איז אַ מכשפה, אַ לילית, האָט מען איהם נישט געגלויבט, געהייסען וואַהנען... און, אַז ער האָט שיער נישט בעקומען דאָס חולה־נופל פאַר שרעק, האָט מען איהם געבונדען און אַהער געשיקט...

און זי איז אַ מכשפה! ווען נישט איהר כשוף, וואָלט ער שוין לאַנג געוואָרען אַ רואה ואינו נראה און וואָלט נעלם געוואָרען.

די דאָקטוירים, ימח שמם, לאָזען אויך ני״ט, זיי נייטען

איהם צו עסען טרפות, צו טרינקען נסך... און ער קען גאָר־נישט טהון!

אָבער גאָר־נישט!

אין הימעל דאָרט האָט ער, דער קדוש, אַ גרויסע דעה, אַ סך צו זאָגען; דאָ אין שפּיטאָל — גאָר נישט! וואָלט ער געוועזען נישט קיין קדוש נאָר אַ צדיק, אַ בעל מופת, וואָלט ער געקענט אָבשפּרעכען, צוזאָגען; וואָלט ער געהאַט ביי זיך חאָטש איינם פון די מיליאָנען שליסעלעך, וואָס עפענען ביי מענשען הערצער און קעשענעס, — באַ! וואָלט ער געווען פריי, געלעבט אַ וועלט! אָדער ער וואָלט אַליין פערלעגט אַ געשעפט, אָדער עס וואָלט זיך געפונען איין אימפּרעסאַריאַ אויף די גוטע זאַכען... ער אָבער, איין אמת'ער דאָן קישאָט, האָט זיך אונטערגענומען בייצושטעהן גאָט מיט דער מלחמה מיט'ן שטן... ווער וויל זיך עס אַריינמישען אין אַזאַ זאַך? וואָס האָט מען דערפון? האָט מען איהם טאַקי אַהער געשיקט. וויל מען זיין פּרצוף נישט זעהן.

ער איז דאָך ביי זיך נישט אָבגעפאַלען... אַז איך העלף איהם, מוז ער מיר אויך העלפען... נישט אַצונד, איז שפּעטער... אין צווייטען, אין דריטען גלגול!

דערוויל, — וואָס זאָל ער טהון?

אַ שם האָט ער, נאָר די ליפּען האָט מען איהם מטמא געוועזען. ער קען דעם שם מיט אומריינע ליפּען נישט אַרויסזאָגען!

די געזונדטע האַלטען, פערשטעהט זיך, דעם קדוש פאַר משוגע, אַלע זענען פון שפּרינצה'ס צד... און די משוגעים?

פערשיעדען!

פיעל גלויבען אין איהם.

אַחשורוש זאָגט, אַז איהם טהוט זעהר הנאה, וואָס דער קדוש איז געקומען אין זיין מדינה אַריין. ער האָפט, אַז ער וועט האָבען אַ שטאַרקע פעולה אויפ'ן יונגען דור, אויף די מדות...

יוחנן מלמד, געהט זיך אין זיין דרך. ער זאָגט: מען מוז גלויבען! אַ מענש, זאָגט ער, קען זיך אַליין נישט מאַכען פאַר אַ רשע, אָבער פאַר אַ צדיק — מהיכא תיתי! אַז ער וויל, איז ער!

גאַזעמאַן ציהט מיט'ן אַקסעל:

— די גאַזען, זאָגט ער, ווילען אַ סך פרעגען, ווער עס איז אַ צדיק און ווער עס איז אַ רשע!

יענטעל די קרעמערין, רעכענט נאָך ראש השנה צו עפע־נען זיך אַ קלייטעל מיט בוימעהל צום אָבשפּרעכען.

זי קלאַפּט יונה'ן אין דער פּלייצע און זאָגט: אַז דו וועסט מיך נאָר פאָלגען, וועט געהן אַ געשעפט; אחשורוש וועט אויך הנאה האָבען...

דער קדוש דרעהט זיך אָב, וויל נישט וויסען פון קיין געשעפטען, נאָר דער רעשט עולם אַז ער הערט: קדוש, שפּרינגט ער באַלד אונטער, זאָגט דריי מאָל קדוש...

עס קאָסט איהם אַ סך!

איין לייב פילוסוף איז דעם קדוש אַ שונא אויפ'ן לעבען. מיר דאַכט זיך פאַר קנאה. ער רייצט זיך מיט'ן שטענדיג.

ער געהט צו, נעמט איהם אָן ביי דער גאָמבע, הויבט איהם דעם קאָפּ אין דער הויך און פרעגט:

— עסט באמת טרפות, קדוש?

— אוראי!

— נאָך וואָס טהוסטו דו עס?

— איך מוז דאָך, איך וועל דאָך שטאַרבען פאַר הונגער!

— און אַז מען שטאַרבט פאַר הונגער וואָס איז? געהט מען דאָך ערשט אין גן עדן אַריין!

דער קדוש ענטפערט געלאַסען:

— איך קען נישט שטאַרבען פאַר הונגער, — איך מוז, — זאָגט ער גאַנץ ערנסט — פערברענט ווערען... מי באש

— פאַר וואָס גראָד באש —

— דער גוף זאָל פערברענט ווערען! און פייער גערייניגט ווערען... די גזרה איז אזוי!

איין אנדער מאָל פרעגט איהם ליב פילוסוף:

— און ווען ווערסט דו שוין פערברענט ווערען, קדוש?

דער ענטפערט געלאַסען:

— ווען עס וועט קומען די צייט.

פון דעמאָלט אָן, פלעגט ער איהם וואָס אמאָל פרעגען:

— נאָך נישט? אַלץ נאָך נישט צייט?

איינמאָל האָט איהם דער קדוש געענטפערט:

— איך האָב נישט קיין צינדהעלצלעך!

דערזיף רופט זיך אָן יענטעל, אז זי האָט סחורה מכל המינים, אז זי איז גרייט אַלץ אוועקצוגעבען דעם הייליגען יונה, און אַלץ בחנם, על כל פנים, בחצי חנם, נאָר קיין צינדהעלצלעך האָט זי נישט... מען לאָזט נישט אריין!

— זעהסט! טריאומפירט דער קדוש.

— ביזט פאָרט אַ ליגנער, שרייט ניפטינ ליב פילוסוף

# דִי שְׂרֵפָה אוּנ נָאךְ דֶער שְׂרֵפָה.

---

דער קדוש איז דאָך קיין ליגנער נישט געוועזן; ער האָט זיינס געטהון.

געשעהן איז עס אין אַ מולד=נאַכט: איך געדענק עס ווי היינט:

די קראַנקע זענען איינגעשלאָפען, דער קדוש האָט זיך שטיל אַראָבגעחאַפּט פון בעט, שטיל געעפענט דאָס פענסטער; ער איז אַרויסגעשפרונגען און איז אַריין אין אָפענעם פעדער־הויז. דאָרט האָט ער ביי אַ פערשלאָפענעם וועכטער אַרויסגענומען (ליב פילוסוף זאָגט: אַרויסגעגנב'עט) פון קעשענע אַ פעקיל זאַפּאַלקעס —

---

די רעשט איז לייכט צו פערשטעהן.

דאָס דול=הויז איז אַלט, זעהר אַלט...

* יוחנן מלמד זאָגט, אַז עס איז נאָך פון המן'ס צייטען... ליב פילוסוף — פון קודם מתן תורה... דער קדוש האָט גע־גלויבט — מששת ימי בראשית... בעשאַפען געוואָרען איז עס ערב שבת בין השמשות, מיט די שדים און מזיקים, וואָס וואַכען אַרום „צוזאַמען"... סיי ווי סיי אַלט איז עס, אַלט און טרוקען; ממש אויסגעדאַרט..

און דאָס האָלץ, אַז עס האָט נאָר אַ פונק דערשמעקט, האָט עס אויפגעפלאַקערט מיט אַ שמחה, מיט אַ גדולה!

איך האָב געזעהן ווי באַלקען האָבען זיך אַליין אויסגע־דרעהט און מיט אַ ציטער פון איין אמת'ן בעל תאוה, זיך גע־געהנט צום פייער... אַ וויל, האָב איך געזעהן, האָט זיך אויסגעקרימט ווי אַ האַלבע רייף און אַריינגעלעגט דעם קאָפּ אין רער בראַנד!

עס וויל ברענען, עס דאַרף, אַ פנים, ברענען!

און דאָך, — ווי שרעקליך איז אַ שרפה! און נישט דאָס פייער איז אַזוי שרעקליך, דאָס פייער איז שעהן און גרויס, דרך־ארץ האָב איך פאַר פייער, וואָס רייניגט אַלץ... נאָר דאָס געשריי, דאָס געפילדער איז נישט צום אויסהאַלטען!

דאָס געיאָמער פון קראַנקע, דאָס קנאַקען פון באַלקען, פון ווענד, דאָס רעדערן, סיקען און פייפען, די געשרייען פון דער פאָזשאַרנע־קאָמאַנדע, די אַפּוטרופּסים מיט הויך אויסגעשריי־גענע עצות — פוי!

אַזאַ קאָנצערט, הערט זיך נאָר אין גיהנם...

דאָס פייער ווערט אויך בייז! גאַנצע בונטען פלאַמען יאָגט עס אויף די לייט. עס וואַרפט אויף זיי מיט באַלקען! מיט טהירען און פענסטער; אַ מלחמה! אַ שרעקליכע מלחמה! און ער?

ער, דער קדוש, שטעהט זיך אויפ'ן שפּיץ דאַך, אין מיטען פייער, אַרומגענומען ביז'ן גאַרטעל מיט רויטע און בלאָהליכע שלאַנגען...

און ער שטעהט, און רופט, און זיין קול שניידט זיך דורך דעם גאַנצען גיהנם'דיגען גערודער און שלאָגט זיך צו צו יעדענס האַרץ..

— „שמע ישראל!“ רופט ער!

---

אויסער דעם קדוש האָט דאָס פייער קיינעם נישט גע־שאַדט.

דאָס דול־הויז איז געווען אַסעקורירט; דול־הייזער אַסעקורירען זיך איינער ביים צווייטען, דאָקטאָרען קריגען

נייע אינסטרומענטען צו אָפּעראַציעס... די פּאָזשאַרנע־קאָמאַנדאָ — געלד אַפּוטרופּסים — כּבוד, ווייניג איינגעשטעלט דאָס לעבען האָבען זיי זיך, און די משוגעים האָט מען דערווייל אַריינגענומען אין איין סאַלע...

פערשטעהט זיך, אַז וואָס מעהר משוגעים עס פערזאַמעלט זיך אויף איין אָרט, שטאַרקער פיהלען זיי זיך; און וואָס מעהר די משוגעים פיהלען זיך שטאַרקער, פיהלען זיך שוואַכער די וועכטער.

דער לאַרם געהט מאַקי ביז'ן הימעל אַריין.

יענטעל איז דאָ אויך איין איינגעהערין, פיהרט דאָס גדעל.

— דאָס געשעפט, — זאָגט זי — פערגרעסערט זיך; דער ריוח ווערט דאָך קלענער; קוים פרנסה. זי האָט, נעביך, צו דערנעהרען אַ קראַנקען מאַן מיט אַ גאַנץ געזינדל.

און דאָס געזינדל, ווי זי זאָגט, בעשטעהט, פון צוויי טעכטער אַלמנות מיט קינדערלעך, צוויי טעכטער מיט מענער און אויך מיט קינדערלעך, אַ חוץ קינדער פון ערשטען מאַן...

זי האַנדעלט: מיט קרושקעלעך פון ברויט, פיצלעך טיטון פון אָבגעבערענטע פּאַפּיראָסען, שטיקלעך ליינוואַנד און טוך, רעשטלעך פון ליכט. טהייל מאָל איז אַ שטיקעל שנייץ אויך אַ סחורה.

אַלס געלד געהען שטיקלעך גלאָז, קאָליערט גלאָז איז גאָר גאָלד אין דער מעלה... קאָליערט פּאַפּיער, איז באַנקאָ־צעטעל, ווייס — קוויטלעך און וועקסלען.

און זי שרייט:

— רוצחים! דאָס איז מיין גאַנץ עשרות די סחורה! וואָס גנב'עט איהר? וואָס רייסט איהר? וואָס ציהט איהר מיר די קליי פון די ביינער?

די קונים שווייגען אויך נישט.

זיי שרייען, אַז זי בערייסט, גיט פאַלשע וואָג און מאָס.

אַחשורוש, דער מלך פון הודו — דער אייוועוןרעכטס — ביז כּוש — די טהיר אין קיך אַריין לינקס, — געהט אַרום

מיט אַ גדלות, פערשרייבט מיט אַ נאַסען פינגער, אויף אַ שויב צי אויף אַ וואַנד, דעם חשבון פון „מסים וארנוניות״, וואָס איהם קומט שוין פון מסחר...

— איך בין דיך מתרה, יענטעל! דו פאַלסט אריין אין טיורמע!

— זרח, — רופט ער צו אַ קונה. — דיר וועל איך אויך נישט שענקען! איך זעה — ווילסט מאַכען פליטה: פון אַמעריקאַ וועל איך דיך ביי די האָר הייסען אַהער שלעפען! איך האָב דאַרטען אויך מיינע לייט! נישט קשה!

איין אַנדערן רופט ער צו:

— קויף אין פערקויף אַנדערטהאַלב־מיליאָן פוד, קריגסט דו אַ „פאַציאָנטנע״!

טהייל מאָל רוקט ער זיך צו צו גאַזעמאַן, וואָס זיצט פערטראַכט אין אַ ווינקעלע, אָדער צו ליב פילוסוף מיט יוחנן מלמד, וואָס זיצען אין אַ זייט פערזונקען אין אַ וכוח וועגען תכלית פון דער וועלט, פון מענש און אַלערליי אַנדערע זאַכען...

ער שטעלט זיך אָב, לעגט אַ פינגער אויף דער נאָז און זאָגט:

— שווייגט בעסער...

אַ׳נישט, לעגט ער זיי גאָר פאַר אַ האַנדעלס־פערטראַג...

און אַזוי רודערט זיך ביז דער האָהן קרייעט.

---

פאַר וואָס גראָד ביז דער האָהן קרייעט? פאַר וואָס שפיעלט דער האָהן מיט׳ן קרייען אַזאַ גרויסע ראָלע אין שפיטאָל?

— זאָרי, שפיעלט ער, — זאָגט אַחשורוש, און „זאָרי״ פערשטעהט מען איז אַ גרויסע זאַך.

— סימנא בעלמא — זאָגט דער מלמד. — מען האָט גערדאַרפט אַ צייכען, וואָס עס איז פאַר אַ צייכען, האָט מען זיך אָנגעחאַפּט אין האָהן...

ליב פילוסוף זאָגט, אַז עס מוז דאָך עפּיס שמעקען דערי־
נען. דען, פאַר וואָס דוקא אַ האָהן, נישט אַ הוהן?

— אַ הוהן קרייעט נישט, קען נישט קרייען, — פאַלט איהם יענטעל מיט כעס, אין די רייד אַריין, — צו מיינע שונאים'ס קעפ — —

— בייטעל נישט, — ענטפערט ליב קאַלט ווי אייז.. היהנער במבע זענען גלייך צו העהנער... זיי וואָלטען געקאָנט קרייען, נאָר מען האָט זיי אָבגעוואָהנט... אַז אַ הוהן קרייעט קוילעט מען זי...

— וויטער די אייגענע קשיא, פאַר וואָס? — מאַכט יוחנן.

— איך וועל קלערען דעריבער, זאָגט ליב. און, — ניט ער צו שמאַלץ — עס איז צייט... איך אייל מיך נישט! נישט דאָס וויסען איז דער עיקר, נאָר דאָס קלער'ען!

---

איך וויל אויך קלערען נאָר מיין קאָפּוועהטאָג וואַקסט פון טאָג צו טאָג. זייט די משוגעים זענען צוזאַמען, איז סכנת נפשות... די טויזענדער נייע ווענען, וואָס זיי זוכען אין אַלע זייטען, קרייציגען זיך און פערקניפּען; שווינדעלט פאַר די אויגען אַ בעשטענדיגער, בליצענדיגער קאַלעידאָסקאָפּ מיט פערפלאָנ־ טעטע ברענענדיגע ליניען ... דער מוח וויל מהייל מאָל פּלאַצען. איך קלער שוין אפילו נישט, ווער איך בין, אַ רופא צי אַ חולה, ווייל, איך בין זיכער, אַז אויב איך בין נאָך נישט משוגע, וועל איך עס היינט מאָרגען ווערען.

# דער משולח.

ער געהט, און דער ווינד צויאָגט די פּאָלעס און די זייסע באָרד.

אַלע מאָל חאַפּט ער זיך אָן מיט דער רעכטער האַנד אין דער לינקער זייט! עס גיט איהם אַלע מאָל דאָרט אַ שטאָך. ער וויל זיך דאָך נישט מודה זיין; ער וויל זיך דוקא איינרעדען, אַז ער טאַפּט נאָר ביי דער בוזעם-טאַש.

— איך זאָל נאָר דעם קאָנטראַקט מיט דעם געלד נישט פערלירען! אָט פאַר דעם מכלומר'שט ציטערט ער.

— און אַפילו עס שטעכט, איז אויך אַ נאַרישקייט! איך האָב נאָך, געלויבט איז גאָט, גענוג כח אויף אַזאַ שליחות. אַנדערע אין מיינע יאָהרען װעלען שוין קיין וויאָרסט נישט אָבגעהן, נאָר איך, געלויבט איז זיין ליעבער נאָמען, דאַרף נאָך נישט צו קיין מענשען און פערדיען מיר אַליין מיין ברויט... געלויבט איז גאָט, מען געטרויעט מיר געלד!

— ווען איך האָב מיין אייגענס — טראַכט ער ווייטער — וואָס מען געטרויעט מיר, וואָלט איך אין שליחות צו זיעבעציג יאָהר נישט געגאַנגען; וויל אָבער דער רבונו של עולם אַזוי, איז אַזוי גוט!

עס הויבט אָן צו פאַלען גראָבע פלאַטשיגע שניי; ער ווישט זיך אַלע מאָל דאָס פנים.

— איך האָב נאָך — טראַכט ער — אין גאַנצען אַ האַלבע מייל, אַ ווא! אויך מיר אַ גאַנג! אַ סך נעהנטער ווי ווייטער! ער דרעהט זיך איבער — מען זעהט שוין אַפילו נישט דעם שטעדטישע

זייגער, נישט דעם קלויסטער, נישט די קאַזאַרמע. „גו, שמריה, פֿאָהר!"

און שמריה פֿאָהרט אין דעם נאַסען שניי; די אַלטע פֿיס קאָפּען זיך אַריין און אַרויס. — „געלויבט איז גאָט, עס איז קיין גרויסער ווינד נישט!"

גרויס, האָט אַ פּנים, בײַ איהם געהייסען אַ שטורם־ווינד; דער ווינד איז געוועזען גענוג שטאַרק און געיאָגט גלײַך אין פּנים אַריין, אַז עס האָט איהם אַלע מאָל אָטהעם פֿערפֿעהלט; ער האָט איהם אַרויסגענאַרט אַלע טרעהרען פֿון די אַלטע אויגען, וואָס האָבען איהם געשטאָכען ווי שפּילקעס. נאָר אויף די אויגען ליידט ער תּמיד.

פֿאַר'ן ערשטען געלד, פֿאַלם איהם אײַן, קויפֿט ער זיך וועגס־ברילען. — אַזוינע גרויסע, קײַלעכדיגע; זיי זאָלען די גאַנצע אויגען פֿערשטעלען.

גאָט זאָל וועלען — טראַכט ער — וואָלט איך צו דעם אויך געקומען! עס זאָל נאָר זיין אַלע טאָג אַ שליחות, און ווייט, גאָר ווייט! געהן, ב"ה, קען איך, וואָלט איך מיר שוין אָבגעשפּאָרט אויף אַ פּאָר ברילען...

ער דאַרף אפילו אַ שטיקעל פּעלצעל אויך. עס וואָלט איהם לייבטער געוועזען אויף דער ברוסט... ער רעכענט איבער, אַז דערווייל האָט ער נאָך אַ וואַרעמע קאַפּאָטע!

— זי זאָל זיך נאָר נישט רייסען, וואָלט זי גאָר וואָהל געוועזען. ער שמייכעלט מיט פֿערגעניגען. דאָס, — טראַכט ער — איז נישט קיין היינטיגע קאַפּאָטע, קיין קיי און שפּיי, קיין שפּינוועבס! נאָר פֿערצייטישער לאַסטיג; דאָס, וועט מיך איבער־לעבען! און אָהן אַ שפּאַלט, דאָס איז אויך אַ מעלה; זי צופֿליהט זיך נישט אַזוי ווי אַ היינטיגע סחורה, און פֿון פֿאָרענט פֿערלעגט זי זיך אויף איין אייל!...

— אַ פּעלצעל — טראַכט ער ווייטער — איז אייגענטליך בעסער. אַ פּעלצעל איז וואַרעם, גוט וואַרעם. נאָר אַלץ פֿריהער ברילען. אַ פּעלצעל איז נאָר גוט ווינטער און ברילען דאַרף מען תּמיד, דען ווער, אַז עס מאַכט זיך אַ ווינד און יאָגט דעם

שטויב גלייך אין די אויגן אַריין, איז ערגער ווי ווינטער!

און עס בלייבט, אַז פריהער זענען ברילען, דערנאָך ערשט אַ פעלצעל! דער אויבערשטער זאָל נאָר העלפען, ער זאָל אָבנעמען דעם ווייץ... אַ פיער גילדען וועט ער אַ וודאי חאַפּען...

און ער שלאַפּעט ווייטער, און דער נאַסער שניי פּאַטשט איהם אין פּנים אַריין, דער ווינד ווערדט אַלע מאָל שטאַרקער און די זייט שטעכט אַלע מאָל מעהר.

— דער ווינד זאָל זיך נאָר וועלען איבערדרעהען! נאָר מן הסתם — טראַכט ער — איז אַזוי גלייכער. צוריקצווועגס וועל איך מעהר מיעד זיין, וועל איך איהם דעמאָלט האָבען פון הינטען! אָ דעמאָלט וועט עס גאָר אַנדערש גיהן! אַלץ פערזאָרגט! גרינג אויפ'ן האַרץ!

ער האָט זיך געמווט אָבשטעלען אַ רגע און דעם אָטהעם חאַפּען. דאָס שרעקט איהם אַ ביסעל איבער:

— וואָס איז אַזוינס מיט מיר געשעהן? וועניג פרעסט און ווינטען האָב איך אויסגעהאַלטען אַלס קאָנטאָניסט? פרעגט ער זיך טרויעריג און האַלב דערשראָקען.

און ער דערמאַהנט זיך זיין סלוזשבע אַלס ניקאָלאַיעווסקער סאָלדאַט. פינף און צוואַנציג יאָהר ריינע סלוזשבע אונטער דער ביקס, חוץ די קינדערשע יאָהרען אַלס קאַנטאָניסט. ער איז זיך געגנוג אָנגעגאַנגען אין זיין לעבען, געמאַרשירט איבער בערג און טהאָל, אין שניי און פרעסט און אַלערליי זאַווירוחעס. און וועלכע שנייען וועלכע פרעסט! די בוימער פלעגען פּלאַטצען, פויגעלעך פלעגען טויט אַראָבפאַלען אויף דער ערד — און דער רוסישער סאָלדאַט איז געגאַנגען פריש, לעבענדיג, און נאָך דערצו אַ ליעדעלע געזונגען אַ טרעפּאַק, אַ קאָמאַרינסקי און מיט די פיס צוגעקלאַפּט!

דער געדאַנק, אַז ער האָט גאַנצע פינף און דרייסיג יאָהר אויסגעהאַלטען די פאַרצייטיגע סלוזשבע, אויסגעשטאַנען אַלע צרות, אַלע שנייען, אַלע ווינטען, אַלע שלעק, הונגער, דאָרשט און נויטען, און אַ געזונדטער אַהיים געקומען — דער געדאַנק מאַכט

איהם גרוים! ער הויבט אויף דעם קאָפּ מיט גדלות און געהט מיט נייעם כח.

— הא, הא, וואָס איז גאָר ביי מיר אַזאַ פּרעסטעל? אין רוסלאַנד, דאַכט זיך, איז געווען עפּיס אַנדערש!

ער געהט, דער ווינד ווערדט אַ ביסעל שטילער, עס ווערדט אַלע מאָל טונקעלער, עס פאַלט צו די נאַכט.

„אויך מיר אַ טאָג — טראַכט ער — אַ טל ומטר'ל!... און ער הויבט זיך אָן מעהר צו יאָגען, עס זאָל איהם נישט די נאַכט בעפאַלען. נישט אומזיסט געהט ער שבת אין שולכעל לערנען תורה, ער ווייסט: מען דאַרף אַרויסגעהן און צוריק-קומען בכי טוב!

ער פיהלט אַ ביסעל הונגער, און אַ טבע האָט ער, אַז ווען ער ווערט הונגעריג, ווערט ער לוסטיג! ער ווייסט, אַז אַפּעטיט איז אַ גוטע זאַך; זיינע סוחרים, וואָס שיקען איהם אין שליחות, וויינען תמיד נאָר אויף דעם, וואָס זיי זענען קיינמאָל נישט הונגעריג! ער האָט, ב"ה, אַפּעטיט! אויסער, אַז ער איז נישט בקו הבריאה ווי, למשל, נעכטען; ער איז קראַנק געוועזען, האָט זיך איהם געדאַכט, אַז דאָס ברויט איז זויער.

— געה, וואו איז עס זויער געווען; זעלנעריש ברויט! אַמאָל אפשר יאָ, אָבער היינט? באַקט פּאָניע אַזאַ ברויט, אַז די יודישע בעקערס מעגען זיך בעהאַלטען. און געקויפט האָט ער אַ פריש ברויט! עס איז געווען אַ מחיה צו שניידען. ער איז אָבער נישט געוועזען בקו הבריאה, עפּיס האָט איהם אַ קעלט געיאָגט דורך די ביינער.

— נאָר געלויבט איז דער, וואָס ער איז נישט ווערטה זיין נאָמען צו געדענקען, עס טרעפט זיך איהם זעלטען!

אַצונד האָט ער אויך אַפּעטיט, ער האָט אפילו אין קעשענע ברויט מיט אַ שטיקעל קעז... דאָס שטיקעל קעז האָט איהם דעם סוחר'ס ווייב געגעבען, לעבען זאָל זי און געזונד זיין! זי איז טאַקי אַ בעל צדקה, זי האָט אַ יודיש האַרץ.

— זי זאָל גאָר נישט אַזוי קללה'ן — טראַכט ער — וואָלט זי געוועזן גאָר אַ וואַהלע יודענע!... ער דערמאַהנט זיך אין זיין געשטאָרבען ווייב.

— גאָר מיין שפּרינצע ניעפּרימשקעם! זי האָט אויך געהאַט אַ גוט האַרץ, און אַזאַ טבע צו קללה'ן. וואָס פאַר אַ קינד איך האָב אַוועקגעשיקט אין דער וועלט אַריין, האָט זי געוויינט ווי אַ ביבער, חאָטש אין דער היים האָט זי זיי געשאָלטען מיט טוידטע קללות! ווער שמועסט — דערמאַהנט ער זיך — אַז איינם איז געשטאָרבען! זי האָט זיך געוואָרפען גאַנצע טעג ווי אַ שלאַנג אויף דער ערד, געהאַקט זיך מיט די פויסטען אין קאָפּ אַריין.

איינמאָל האָט זי גאָר געוואָלט וואַרפען אַ שטיין אין הימעל אַריין!

— „אָט, זעהסט דו — טראַכט ער — גאָט מאַכט זיך אַ סך פון אַ נאַרישע יודענע!... זי לאָזט אָבער נישט אַרויס־עמען די מטה מיט'ן מת! זי פאַטשט אוים די ווייבער, דער חברה נושאים רייסט זי אוים די בערד!"

„אַ שעהנע גבורה האָט געשטעקט אין דער שפּרינצען! עס האָט זיך געדאַכט אַ פליג, און אַזאַ כח, אַזאַ כח!..."

— פאָרט, זי זאָל עס מיר מוחל זיין, אַ גוטע געוועזען! זי האָט אפילו מיך אויך נישט פיינד געהאַט. חאָטש זי האָט מיר קיינמאָל קיין גוט וואָרט נישט געגעבען!

געשריגען האָט זי: אַ גט, אַ גט! אַז נישט וועט זי אַנטלויפען! נאָר וואו האָט זי געוואָלט אַ גט!

ער דערמאַהנט זיך עפּיס און שמייכעלט...

די מעשה איז שוין לאַנג, לאַנג... דענסטמאָל איז נאָך געוועזען די קאָנסומציע און ער איז געוועזען אַ נאַכט־וועכטער, און אַרום־געגאַנגען גאַנצע נעכט מיט'ן אייזערנעם שטעקעלע, מען זאָל נישט אַריין־גנב'נען בראָנפען!

סלוזשבע האָט ער געקענט, ביי פאָניען איז אַ גוט חדר, ער האָט גוטע מלמדים געהאַט!... פאַר טאָג, ווינטער איז עס געוועזן, עס קומט איהם אָבבייטען דער טאָג־וועכטער, חיים

יונה — איז שוין אויפ'ן עולם אמת — און ער גערט אַהיים גע־פירירען, פערשטאַרט! ער קלאַפּט ביי דער טהיר און זי שרייט איהם אַרויס פון בעט:

„געה אין דער ערד אַריין! איך האָב געמיינט, דיין נאָמען וועט אַהיים קומען".

אָהאָ! זי איז בעז נאָך פון נעכטען ביי טאָג! ער קען זיך אַפילו נישט דערמאַהנען וואָס נעכטען איז אַזוינס געווען, נאָר זיין האָט דאָך עפּיס געמוזט.

— „פערמאַך דאָס מויל און עפען!" שרייט ער.

— „דעם קאָפּ וועל איך דיר עפענען!" הערט זיך אַ קלאָרע תשובה.

— לאָז מיך אַריין! שרייט ער.

— אין דער'ערד אַריין געה! ענטפערט זי.

און ער האָט זיך מישב געווען און איז געגאַנגען אין בית המדרש אַריין. ער האָט זיך געלעגט שלאָפען אונטערן אויווען. צום שלים־מזל איז געוועזן אַ סוואָנד, ער איז פערגאָרעט געוואָרען, און מען האָט איהם אַהיים געטראָגען אַ טוידטען...

„אַ קליינינקייט האָט דעמאָלט שפּרינצע איבער־געאַרבייט!" ער האָט שפּעטער גאַנץ גוט געהערט וואָס זי האָט איבער־געאַרבייט.

מען זאָגט איהר: עס איז גאָר נישט, אַ סוואָנד.

ניין! זי וויל נאָר אַ דאָקטאָר; זי האָט בדעה צו חלש'ן, צו וואַרפען זיך אין וואַסער אַריין, און שרייט נאָר: מיין מאַן! מיין מאַן, מיין תכשיט!

ער נעמט צוזאַמען אַלע כחות, זעצט זיך אויף און פרעגט זי געלאַסען:

— שפּרינצע, ווילסט אַ גט?

— נעם איין... זי האָט דאָך נישט געענדיגט די קללה און אַרויסגעלאָזט אַ געוויין...

— שמריה, ווי מיינסט דו, גאָט וועט מיך נישט שטראָפען פאַר מיינע קללות, פאַר מיין רשעות?...

קוים איז ער אָבער געזונר געוואָרען — צוריק די אייגענע שפּרינצע: אַ מויל אויף רעדער, אַ צונג אויף שרויפען, און אייזען שטאַרק, זי קראַצט ווי אַ קאַץ, האַ, האַ! אַ שאָד שפּרינצע! זי האָט אפילו קיין נחת פון די קינדער נישט דערלעבט.

עס מוז זיי גוט געהן אויף דער וועלט; אַלע בעלי מלאכות. די מלאכה לאָזט נישט שטאַרבען פאַר הונגער! כח האָבען זיי, און מיר אַריין געראָטען; איי וואָס, זיי שרייבען נישט, וואָס איז? אַליין קענען זיי נישט, און געה בעט ערשט איין אַנדערן, יענער זאָל שרייבען! און וואָס פאַר אַ טעם האָט אזאַ בריעף? ווי איבער-געשווענקטע יויך! און גלאַט מיט דער צייט... יונגע קינדער פערגעסען... עס מוז זיי דאָך גאָר גוט זיין...

נאָר שפּרינצע נעביך ליעגט אין דער ערד! אַ שאָד שפּרינצע!

— אַזוי ווי קאָנסומציע האָט אויפגעהערט איז זי געוואָרען אוים מענש! טאַקי, איידער איך האָב מיך געוועהנט צום שליחות, צו זאָגען דעם פּריץ: יאַשניע פּאַניע, נישט וואַשע וויסאָקאָ בלאַגאָראָדיע, איידער מען האָט מיר געטרויעט קאָנטר-אַקטען מיט געלד — האָט געפעהלט דאָס שטיקעל ברויט...

מילא איך, זעהסט דו, אַ מאַנספּערישוין, אַ געוועזענער קאָנטאָניסט, עסט מען נישט אַ טאָג! איהר אָבער איז עס גע-גאַנגען, אימשטיינס געזאָגט, אינ'ם גאַנצען לעבען! אַ נאַרישע יודענע, זי פערלירט באַלד די כחות, זי האָט שוין אפילו נישט געקאָנט שעלטען, דער גאַנצער שייגעץ איז איהר פון קאָפּ אַרוים, און נאָר געוויינט...

עס איז מיר נמאס ומאוס געוואָרען פאַר'ן לעבען... עפּיס האָט זי גאָר מורא געקריגען פאַר מיר! זי האָט גאָר מורא געהאַט צו עסען, מיר זאָל נישט פעהלען, אַז איך זעה, אַז זי האָט מורא, בין איך בייז קוראַזש, איך שריי, איך שעלט! למשל: פאַר וואָס געהסט דו נישט פרעסען?! איך פאַל אַמאָל אין אַ רציחה אַריין און וויל זי פשוט שלאָגען, נאָר געה שלאָג אַ וויינענדיגע יודענע, אַז זי ציטערט די הענד און ריהרט זיך נישט! איך לויף צו מיט איין קולאַק, שפּיי אין איהם גאָר

אָן, און זי ענטפערט מיר: „עס פריהער דו אָב, איך וועל נאָך־דעם עסען!" און איך האָב געמוזט פריהער אָבבייסען פונ'ם ברויט, און איהר איבערלאָזען די רעשט...

אַמאָל נאַרט זי מיך אַרויס אין גאַס אַריין: איך וועל שוין עסען, געה נאָר אין גאַס אַריין; געה, אפשר וועסט דו עפּיס פערדיענען, און מכלומר'שט שמייכעלט זי דערביי, און גלעט מיך אַמאָל!

אין אַז איך געה און קום צוריק, טרעף איך כמעט דאָס אייגענע ברויט! זי רעדט מיר איין, אַז זי קען נישט עסען קיין טרוקענס, זי דאַרף נאָר אַ גריץ!

ער בויגט אַראָב דעם קאָפּ, גלייך עס וואָלט איהם געדריקט אַ שווערע לאַסט און די טרויעריגע געדאַנקען יאָגען:

— און וואָס פאַר אַ יללות זי האָט געמאַכט, אַז איך האָב געוואָלט מיין שבת'דיגע קאַפּאָטע, אָט די וואָס איך טראָג — פערזעצען! מעשים האָט זי געאַרבייט און געלאָפען אין פערזעצט איהרע מעשענע בענטש־לייכטער, און ביז אין טויט אַריין שוין געבענטשט אין קאָרטאָפּעל!... פאַר'ן טויט האָט זי מיר מודה געווען, אַז זי האָט קיין מאָל נישט געוואָלט קיין גט, אַז זי האָט נאָר אַ בעז מויל געהאַט.

— די צונג, די צונג, האָט זי געשריען. רבונו של עולם, זיי מיר מוחל די צונג! און איז טאַקי געשטאָרבען אין איין פחד. מען זאָל איהר אויף יענער וועלט נישט הענגען אויף דער צונג!

— גאָט, מאַכט זי צו מיר, וועט קיין רחמנות אויף מיר נישט האָבען; איך האָב צופיעל געזינדיגט! נאָר אַז דו וועסט קומען, נישט באַלד, חס ושלום! איבער הונדערט און צוואַנציג יאָהר, אַז דו וועסט קומען, געדענק, האַפּ מיך אַראָב פון תליה! זאָג דעם בית דין של מעלה, אַז דו האָסט מיר מוחל געווען!

זי האָט באַלד פערלוירען די געדאַנקען, אַלץ גערופען די קינדער! עס האָט זיך איהר געדאַכט, אַז זיי זענען דאָ אין שטוב, אַז זי רעדט מיט זיי, און האָט זיי אויך געבעטען מחילה.

אַ נאַרישע יודענע, ווער וואָלט איהר נישט מוחל געווען.

ווי אַלט איז זי געוועזן אין גאַנצען? אפשר אַ יאָהר פופציג! אַזוי פריה געשטאָרבען! אַ קלייניגקייט, אַז אַ מענש נעמט זיך אַליין צו דאָס לעבען, אַז וואָס מען טראָגט אַרויס פון שטוב צו פערזעצען, טראָגט מען אַרויס האַלב געזונד, שטיקער פלייש!...

טאָג אויף טאָג איז זי גרינער און געלער, קלענער און דאַרער געוואָרען.

זי האָט געזאָגט, אַז זי פיהלט ווי דער מאַרך טריקענט איהר אין די ביינער... זי האָט געוואוסט, אַז זי וועט שטאַרבען!...

ווי האָט זי ליעב געהאַט די שטוב מיט אַלע זאַכען! וואָס מען האָט אַרויסגעגעבען, אַ בענקעל, אַ בלעכענע עסע, איך ווייס וואָס, האָט זי עס בעגאָסען מיט ביטערע טרערען! זי האָט זיך מיט יעדער זאַך געזעגענט ווי אַ מאַמע מיט אַ קינד!... מישטיינס געזאָגט, אַרומגעכאַפּט און כמעט געקושט... „אָהאָ! מאַכט זי, ווען איך וועל שטאַרבען, וועסט דו שוין נישט זיין אין שטוב!"

אַ מעשה, אַ נקבה איז פאָרט אַ נזר! אַ רגע איז זי אַ קאָזאַק אין ספודניצע, און אַ ליאַדע וואָס — ערגער ווי אַ קינד! זעהסט דו שוין, ביי שטאַרבען איז אַ וודאי אַ חלוק צו מיט אַ בענקעל צו אָהן אַ בענקעל!...

— פע! — האַקט ער זיך אַליין איבער די געדאַנקען, — וואָס מיר קומט אַלץ אין קאָפּ אַריין, דורך די פוסטע זאַכען גערה איך וואָלגע.

— נו, זעלנערישע פיס, טראָגט ווייטער! — קאָמאַנדירט ער מיט זיך.

ער קוקט זיך אום — אַרום און אַרום שניי; אויבען — אַ גראָהער הימעל מיט שוואַרצע שמאַטעס געלאַטעט; — נאָר מיין אונטערשטע קאַפּאָטע! — טראַכט ער — שיינעט מיט לאַסטיקענע לאַטעס! רבונו של עולם, דיר פעהלט אויך קרעדיט אין געוועלב?

דערווייל נעמט אַ פראָסט. די באָרד און די וואָנסעס זענען אייז, אין גוף איז אפילו נישט קשה, דער קאָפּ איז גאָר וואַרעם, אויפ'ן שטערן פיהלט ער טראָפּען שווייס; נאָר די פיס ווערען וואָס אַמאָל קעלטער און שוואַכער.

שוין נישט ווייט, ער האָט דאָך חשק זיך אָבצורוהען און ער שעמט זיך פאַר זיך אַליין. דאָס ערשטע מאָל דאַרף ער זיך אָברוהען ביי אַ שליחות פון צוויי מייל וועג. ער וויל זיך נישט מודה זיין, אַז ער איז איין אַכציגער און עס איז שוין צייט דערויף.

ניין, ער מוז געהן... נאָר געהן... כל זמן מען געהט, געהט מען, עס טראָגט זיך; קוים גיט מען נאָך דעם יצר הרע און מען רוהט זיך אָב, ווערט מען שוין אַ לייט!

מען קען זיך גלאַט פערקיהלען, שרעקט ער זיך אַליין איבער, — און וויל זיך אַלץ אויסרעדען דעם שטאַרקען חשק צום אָברוהען.

— נישט ווייט שוין צום דאָרף, דאָרט וועל איך אויך צייט האָבען!

— דאָס, — טראַכט ער — וועל איך יאָ טהון: איך וועל נישט געהן גלייך צום פריץ... ביים פריץ מוז מען וואַרטען אַ שעה אין דרויסען... נאָר גלייך צום יוד.

— חאָטש גוט, — טראַכט ער — וואָס איך האָב נישט קיין מורא פאַר דעם פריצ'ס הונד; פון דעסטוועגען, ביי נאַכט, אַז מען לאָזט אָב דעם בורען, איז פאָרט אַ סכנה; איך האָב מיט אפילו מיין וויעטשערע, און בורי האָט ליעב קעז, פאָרט בעסער פריהער אויסרוהען די ביינער! איך וועל מיר פריהער געהן אַריין צום יוד, אָנוואַרמען זיך, וואַשען זיך, עפּיס עסען...

און עס קומט איהם וואַסער אין מויל אַריין; ער האָט פון אין דער פריה אָן נישט געגעסען; נאָר דאָס איז אַ קליינינגקייט, איהם אַרט נישט, וואָס ער איז הונגעריג; ער האָט הנאה דערפון: אַז מען איז הונגעריג, איז אַ סימן, אַז מען לעבט! נאָר די פיס!...

ער האָט נאָך אין גאַנצען אַ צוויי ווערסט, ער זעהט שוין אַרוים דעם פריצ'ס גרויסע שאָפע... נאָר די פיס זעהען נישט, זיי ווילען זיך דוקא אָברוהען!

— און ווידער פערקעהרט, — טראַכט ער זיך. — וואָס איז, אַז איך וועל מיך אַ ביסעל אָברוהען? אַ מינוט, אַ האַלבע

מינוט! אפשר יא? לאז מיך נאר פרובען! אזוי לאנג פאלגען מיך די פיס, וועל איך זיי אויך אמאל פאלגען!

און שמריה זעצט זיך אין דער זייט אויף א בערג׳ל שניי. אצונד הערט ער ערשט ווי דאס הארץ קלאפט אין איהם ווי א האמער און עס שטעכט, און דער קאפ שוויצט...

ער דערשרעקט זיך... צי ווערט ער נישט קראנק? ער האט ביי זיך פרעמד געלד! ער קאן בלייבען, חס ושלום, חלשות... און ער טרייסט זיך: געלויבט איז גאט, וואס קיינער געהט נישט! און אפילו עמיץ זאל געהן, וועט איהם אויך נישט איינפאלען, אז איך האב געלד ביי מיר... מי׳שטיינסגעזאגט, וועמען מ׳געטרויעט געלד!... נאר א קאפ זיצען, דערנאך וואליי!

נאר די ברעמען פאלען איהם צו ווי בליי.

— ניין, הויב דיך אויף שמריה, וסטאוויי! קאמאנדירט ער מיט זיך.

קאמאנדירען קאן ער נאך, אבער אויספיהרען נישט, ער קען זיך נישט ריהרען. איהם דאכט זיך דאך אז ער געהט, אז ער געהט אלע מאל שטארקער! אט זעהט ער שוין אלע הייזלעך... דא וואהנט אנטעק, דארט באזילי; ער קען זיי אלע, ער דינגט ביי זיי פוהרען... צום יוד איז נאך ווייט, נאר גלייכער צום יוד... מ׳טרעפט דארט אמאל מזומן... און איהם דאכט זיך, אז ער געהט צום יוד׳ס הייזעל; נאר עס רוקט זיך אב אלע מאל ווייטער, ווייטער... מן הסתם דארף אזוי זיין... עס ברענט דאך א פרעהליך פייער׳ל אויפ׳ן קוימען, דאס גאנצע פענסטער׳ל איז לוסטיג און רויט, די גראבע מירל שוימט א וודאי א גרויסען טאפ קארטאפעל, און זי איז איהם שטענדיג מכבד מיט א קארטאפעל; א פערגעניגען א הייסע קארטאפעל! און ער רוקט זיך ווייטער. אזוי דאכט זיך איהם אבוואהל ער זיצט אויף איין ארט.

דער פראסט האט א ביסעל געלאזט, עס הויבען אן פאלען ברייטע, דיקע פלאבעס שניי.

איהם איז, א פנים, אויך ווארעמער געווארען אין דער שניי־קאפאטע. און עס דאכט זיך איהם, אז ער איז שוין בים

יוד אין שטוב. מירל זאיערט די קארטאָפּעל, ער הערט ווי דאָס וואסער גיסט זיך, זיור, זיור, זיור, און אזוי גיסט זיך פון זיין לאַסטיקענער קאַפּאָטע אויך. יונה גערהט אַרום און זינגט אונטער דער נאָז; זיין שטייגער איז צו זינגען נאָך מעריב, ווייל דעמאָלט איז ער הונגעריג, און מאַכט אַלע מאָל: „נו מירל!"

נאָר מירל זאָגט זיך נישט: „וואָלנער טהוט זיך בעסער!"

— צי שלאָף איך און עס חלומט זיך מיר? ווערדט ער ראַפּטום פּרעהליך־דערשראָקען. עס דאַכט זיך איזהם, אַז עס עפענט זיך די טהיר און עס קומט אַריין זיין עלטערער זוהן... חָנָה! חָנָה! אָה! ער דערקענט איהם! וואָס טהוט ער דאָ? נאָר חָנָה דערקענט איהם נישט, און ער מאַכט זיך נישט וויסענדיג... חאַ, חאַ, חאַ! ער דערצעהלט יונה'ן, אַז ער פאָהרט צום טאַטען, ער האָט דעם טאַטען נישט פערגעסען! און יונה ממזר זאָגט איהם נישט, אַז דער טאַטע זיצט אויפ'ן באַנק־בעטעל!... מירל האָט צו טהון: זי איז פערנומען ביי די קאַרטאָפּעל, זי וועט נישט מפסיק זיין; זי שטייבעלט נאָר, זי רייבט די קאַרטאָפּעל מיט'ן גרוויסען הילצערנעם לעפעל און שמייכעלט!

— אָה! חָנָה מוז זיין רייך, גאָר רייך! אַלץ איז אויף איהם גאַנץ, און אַ קייט... אפשר טאָמביק? ניין, אַ וודאי גאָלד! חָנָה וועט נישט טראָגען קיין טאָמביקענע קייט, ח"ו... חאַ! חאַ! חאַ! — ער גיט אַ קוק אויפ'ן פּיעקאַליק... חאַ! חאַ! חאַ! — ער פּלאַצט שיער פאַר געלעכטער. יעקעל, בערעל, זכריה... אַלע דריי... חאַ! חאַ! חאַ! זיי האָבען זיך בעהאַלטען אויפ'ן פּיעקאַליק, דאָס איז גנבים! חאַ! חאַ! חאַ! אַ שאָד שפּרינצע, אַ שאָד! זי זאָל חאָטש אויך האָבען דאָס נחת! דערוויילע בעשטעלט חָנָה צוויי גענז. „חָנָה! חָנָה! דערקענסט מיך נישט? איך בין עס!..." און איהם דאַכט זיך, אַז ער צוקושט זיך מיט חָנָה'ן...

— הערסטו, חָנָה, אַ שאָד די מאַמען, זי זאָל דיך זעהן!... יעקעל, בערעל, זכריה, אַראָב פון פּיעקאַליק! איך האָב אייך באַלד דערקענט! קומט אַראָב, איך האָב געוואוסט, אַז איהר וועט קומען! אַ והא ראיה, איך האָב אייך מיטגעבראַכט קעז.

אמת׳ן שאָפּענעם קעז! זעהט נאָר, קומט קינדער, איהר האָט דאָן עפּים ליעב זעלנעריש ברוים! וואָס? אפשר נישט? אמת אַ שאָד די מאַמע!

און עס דאַכט זיך איהם, אַז אַלע פיער קינדער האָבען איהם אַרומגערינגעלט און האַלטען איהם און קושען און דריקען זיך צו איהם צו.

— נאָר וואָלנע, קינדערלעך! וואָלנע, דריקט מיך נישט צו שטאַרק! איך בין שוין נישט קיין יונגער מאַן, איך בין איין אַכציגער!... וואָלנע, איהר דושעט מיך, וואָלנע, קינדערלעך... אַלטע ביינער! וואָלנע, איך האָב געלד אין קעשענע! מיר, ב״ה, געטרויעט מען געלד!... גענוג, קינדערלעך, גענוג!...

און עס איז געווען גענוג... ער איז געבליבען פער־שטאַרט מיט דער האַנד אויף דער בוזעם־קעשענע. —